Goldfaden, Abraham.
Di kishufmakhern =
Tsuberin = Koldunia:
opereta in 5 akten un in
8 bilder.
Varsha, 1887.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1914.16

**Goldfaden, Abraham, 1840-1908.**
Di kishufmakhern = Tsuberin = Koldunia: opereta in 5 akten un in 8 bilder / ferfast fon Avrom Goldfaden ; di muzik, di kostyumen un di dekoratsyonen ... tsuzamengeshtelt fun dem ferfaser.
Varsha : Bi-defus Boimritter, 1887.
61 p.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw.

ID : NXYH02-B1523 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /17568

Reduction ratio X 10.00


גאלדפאדענס יודיש-טהעאטער.
דיא כשופמאכערן

דיא

# כישופמאכערן

(צויבערין)

אָפּערעטאַ אין 5 אַקטען אונ אין 8 בילְדער

פערפֿאַסט פֿאָן

## אברהם גאָלדפאדען

(דיא מוזיק, דיא קאַסטיומען אונ דיא דעקאַראַציאָנען צו דער פיעסע זענגען צוזאַממענגעשטעלט פון דעם פֿערפֿאַסער).

---

הובא לבית הדפוס ע"י המדפיסים א. בוימריטטער וחתנו נ. גאנשאר, ושותפו ה' אהרן קאלאוסקי מאס"ט, אשר קנו הזכות מהמחבר.

---

ווארשא

בדפוס בוימריטטער וחתנו גאנ'שאר רחוב ביעליינסקע 16

שנת תרמ"ז לפ"ק

---

# КОЛДУНЬЯ

Оперета въ 5 дѣйствiяхъ и 8 картинахъ

Сочиненiе

## Авраама Гольдфадена

Музыка, декарація, костюмы, бутафорскій вѣщи составлены авторомъ.

---

ВАРШАВА.

Въ Типо-Литографiи Баумриттера и Гонсiора, Бѣлянская 16.

1887

**Дѣйствiе 1-е Картина 1-я**
Разстроеныя имянины

**Дѣйствiе 2-е Картина 2-я**
Затѣи колдуньи

**Картина 3-я**
Базаръ въ Батушанахъ

**Дѣйствiе 3-е Картина 4-я**
Мачиха

**Картина 5-я**
Колдовство

**Дѣйствiе 4-е Картина 6-я**
Кафейная въ Константинополь

**Дѣйствiе 5-е Картина 7-я**
Приготовленiе къ встрѣчѣ

**Картина 8-я**
Корчма горитъ.

1 אקט 1 בילד
פארשטערט דיא שמחה

2 אקט 2 בילד
דיא כישופמאכערן מאכט א פלאן

3 בילד
דער מארק אין באטושאן

3 אקט 4 בילד
דיא שטיפמוטער

5 בילד
דער כישוף

4 אקט 6 בילד
דאס קאפע הויז אין סטאמבול

5 אקט 7 בילד
א קעהגען פאהרען

8 בילד
דיא קרעטשמע ברענט.

---

ווער עס ווינשט צו בעקומען דאס ווערק דיא צויבערן (כישופמאכערן), זאל זיך ווענדען קיין תארשוי אין דיא דרוקערייא בוימריטטער עט גאנשאר ביעליינסקע 16.

---

נאכדרוק אונ צו שפיעלען אויף דער ביהנע אהנע ערלויבניס פון דעם מחבר איז פערבאטען. א. גאלדפאדען

---

ПЕРЕДОСТОРОЖЕНiЕ

Объ отвѣтственности по русскому, уголовному закону за перепечатанiе и представленiе пьесъ на сценѣ безъ согласiя автора, опредѣленной въ § § 1683 и 1684 ст. уложен. о наказаь.

Авторъ А. ГОЛЬДФАДЕНЪ

---

**Дозволено Цензурою. Кiевъ, 4-го Сентября 1886 г.**

# פערזאהנען

**ר' אברהמציע** — א בכבודער יוד א סוחר פון א יאהר 50 מיט א גראוולעכער בארד , קורצע פיאות . אלטמאדעשין צילענדער אויף דעם קאפ , א שווארצע לאנגע ניוועגטענע טווינע, דיא הויזען איבער דיא שטיוועל, רעט לאנגזאם און טאקטפאל .

**מירעלע** — ר' אברהמציס טאכטער פונ'ם ערשטין ווייב : א מיידעל פון 16 יאהר . אין ערשטען אקט אין א לאנג קאליערענדיג זיידען קלייד בעקרענצט מיט בלומען . דיא שיכלעך און דיא האנדשוה פון דעם זעלבען קאליר וואס דאס קלייד . אויף דעם קאפ א קראנץ מיט בלומען . אין דער האנד אפעכער , אויסגעפוצט מיט טהייער צירונג. אין 2 און 3 אקט—א קורץ אורעם קליידיל פון בארדאה פארב א טינקעל פארטיכעל , טראגט גרויסע לעפישע שיך . דיא האאר פונ'ם קאפ נאכלעססיג אראפ געלאזט . אין 4 אקט א פאנטאסטיש קורץ טירקיש קאסטימעל פון פערשידענע שטאפין : זייד , אטלאס . סאמט פון פערשידענע קאלירען מיט שעך בעברייםט דיא האאר אראפגעלאזט איינגעפלאכטין מיט בנד אויף דעם קאפ א טירקיש געשטיקט היטעלע אויף דער זייט . אין 5 אקט אין איינפאכין שיינעם רייזע-אנצוג א דאמענרייזע טעשיל א היטעלע מיט א וואאל .

**בתיה** — ר' אברהמציס צווייטע ווייב : א ווייבעל פון א יאהר 35 . אין ערשטין אקט אין א לאנג שווארץ זיידען קלייד מיט א שווארץ סאמעטענער יאקע . אויף דעם קאפ אפאריק מיט אשווארצין פאנשאן (שפיצענ-הייבעל) . אין 2 און 3 אקט—איין איינפאך קורץ וואהלען קליידיל א ווייסע געשטיקטע יאקע מיט א ווייס געשטיקט פארטיך . אויף דעם קאפ א קאליערענדיג העל זיידען טיכעל. אין 5 אקט דעם זעלבען אנצוג מיט איין איבערשטין פאלטאה .

**ליזא** — בתיה'ס טאכטער פונ'ם ערשטין מאן, א יונג מיידיל פון 16 יאהר נעהט באלמעססיג געקליידט.

**באבע יאחנע** — בתיה'ס א מומע : איין אלטע יודענע פון אריבער 70 אין 2 און 3 אקט : א טינקעל ציצען קלייד מיט א סיערע יאקע , א בארדאה פארטיך , א שאל א טינקעלע אויף דיא אקסיל, א טינקעל זיידען טיכעל אויף דעם קאפ, א פאהר ברילען אויף דער נאז, אין איין האנד א שטעקין, אין דער אנדערער א פישקעלע טאבעקע, אויף דער לינקער באק א פראדאווקע בעוואקסין מיט גראווע האאר , די, נאז רויט — מיט מאך בעוואקסין—אין 3 אקט (אין 2 טאבלאה) — איין שווארץ קלייד. א לאנג שווארץ פארטיך מיט זילבערנעם שעך אויסגעשטיקט פערשידענע ווילדע פיגורען ארומען לאנגען שאל מיט

בריטע פראנזען, פערשפיעלעט וויא א מאנטעל. אויף דעם קאפ איין אלפּ איספּאניאלישען פאסאן: א סאמעטען שווארץ קיילעכדיג היטעלע געשטיקט מיט גאלדענע שעך מיט פליטערליך ארים דאס היטעלע ארימגעוויקעלט מיט א קארישנעווע גאז שלייער וואס הייגגט אראפ ביז אין דער ערד.

**אליקים** — באתיה'ס פעטער א בויקע מענש פון א יאהר 40 הויך געוואקסין טראגט שווארצע געדיכטע באקענבערד מיט לאנגע וואנצים. אויף דעם קאפ א שמויסען היטעלע אויף דער זייט. א שווארץ קורץ סאמעטען רעקיל 2 גרויסע גילדענע קייטען הייגגען פון א זייגער. א ברייטען רויטען גארטעל ארים לייב. קאליערענדיגע קליעטקע הויזען מיט לאנגע באטפארטאן אויף דיא פיס—אויף דיא פינגער א סך רינגען.

**מארקום** — מירעלעס חתן — א שלאנק־געוואקסענער יונגערמאן פון א יאהר 24. אין 1 אקט א שווארצען אנצאג, זשילעט.— קראוואט האנדשוה ווייס; . אין אלע איבעריגע אקטען א געוועהנליך שיינעם אנצאג מיט איין אייבעראק. א רונדען קאפעליש מיט א רייזעטאש אויף דער פלייצע.

**האצמיך** — א יוד פון א יאהר 38 א קליין צישובערט בערדעלע מיט צוויא שפיצען, צוויא פיאות נישט גאנץ לאנג. א קאשקעטיל, דעם האלדז ארים געבינדען מיט א קאליערענדיגער פאטשיילע. א לאנגע קאפאטע טינקעלע הויזען, מיט א פאר שיך – טראגט הינטער דעם אורעם א קעסטעלע מיט צעלניק, און אויף דער פלייצע א טויק מיט סחורה איינגעוויקעלט אין א לייניוואנד, ער געהט אנגעבויגען אין א זייט.

**זרח** — א קרעטשמאר פון א יאהר 45 לאנגע גרויסע שטיוועל א קירצען פעלץ מיט א רויטען גארטיל, אויף דעם קאפ א גרויס שמייסען היטעל און געריקט איבער דיא אויגען. מיט א רויטער בארד.

**חאימעץ**— זרח'ס יונגערער ברידער פון א יאהר 18 דאס זעלבע געקליידט וויא זרח גאר אהן א בארד מיט א פאר לאנגע שווארצע פיאות.

**א העקער**— איונגעל פון א יאהר 12 וואס טראגט ארים באבקעלעך — א קאמיסאר מיט א סאלדאט—סיעדוחעס אויף דעם מארק, פערשידענע סוחרים און קונים—מיידלעך בייא דער כי׳שופמאכערן טידקען—זיצען אין קאפע הויז— א גומנאסטיגער—א פאקוסניק— א ציגאנער— א קאטערינטשיק מיט א קאטערינקע—געסט—איין עולם—

———

# ערשטער אקט

## ערשטעס בילד

### ערשטע סצענע

(שטעלט פאר ר׳ אברהמצים גארטען, שעהן אילומינירט, מיט פערשיעדענע קאליערענדינגע לאמטערינדליך, וואס היינגען אויף דראטען צוגעבינדען צו דיא בוימער, אין דער מיטטע דער עסטראדע פון ביידע זייטען מארמאר בילדער. אין דער מיטט, איין האלברונדע ארקע פון בלומען אונ גרינע בלעטער. אונטען איבער ט־עפ אראפ צו געהן—לינקס זעהט מען דעם גלעזערנעם קארידאר פון ר׳ אברהמצים הויז, אסאך געסט מענער אונ פרויען שטעהן פון ביידע זייטען מיט אללערלייא פרעזענטע אונ בוקעטען אין דיא הענד. וואס האבען עס געבראכט צו מירילעס געבורט׳ס טאג, צווישען זייא ר׳ אברהמצי, זיין ווייב בתיה, איהר טאכטער ליעזע, אונ מארקום דער חתן— וועהרענד מען הייבט אויף דעם פארהאנג, באווייזט זיך מירעלע אין ווייסען באלל-קלייד, בעקרענצט מיט בלומען, זיא לאזט זיך אראפ געהן אויף דיא טרעפליך פון דער עסטראדע, נייגט זיך צום עולם. וועהרענד אללע זינגען)

קאהר. צוּ דֵיין גֶעבוּרְטְסְטַאג, צוּ דַיין יו״ט הַיינְט
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט דַיינֶע גוּטֶע פְרֵיינְד
יֶעדֶער ווִינְשְׁט דִיר צוּ גֶעטְרַייֶע רַייד
פִיעל נַחַת, אוּנ פִיעל פְרֵייד,
ווִיוַואט! ווִיוַואט! דוּא לִיעבֶּעס קִינְד
ווִיוַואט! מִיר ווִינְשֶׁען דִיר גֶעזוּנְד } בִּיס

---

גֶעבְּרַאכְט הָאט יֶעדֶער אִין זַיינֶע הֶענְט
צוּ דַיין גֶעבוּרְטְס-טַאג דִיר אַפְּרֶעזֶענְט
פוּנ׳ם גַאנְצֶען הַארְצֶען, גֶעהְמ׳ס, גֶעהְמ׳ס דִיר
אַזוֹי ווִינְשֶׁען אַלֶע מִיר,
ווִיוַואט! ווִיוַואט! . . . א. ז. וו.

---

מירעלע (זינגט) ווָאס טוּג מִיר דִיא שִׂמְחָה מִיךְ גֶעהְמְט זִיא נִיט
אַז אִיךְ דֶערמַאן מִיךְ אִין דֶער מִינוּט

וֶועה אִיז מִיר אוּנ בִּיטְטֶער
אַז אִין דֶער לוּסְטִיגֶער שָׁעָה,
אִיז מַיין גֶעטְרַייֶע מוּטְטֶער — בּיס
אויף מַיין שִׂמְחָה נִיטָ'א—.

קאהר. לָאזִין זַייא גֶעהְן
דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע אִידֶעֶן,
יֶעצְט דארְף מֶען זִיךְ פְּרֵייעֶן
מִיר בֶּעטִין, מִיר!
דַיין טַאטֶע חָ'לֶעבִין
מֶענְסְט אוּנְז אויךְ גְלֵייבִּין,
וֶועט נָאךְ דֶער לֶעבִּין
פִּיעל נַחַת אִין דִיר—.

---

מירעלע אֵיין אוּנ אֵיינְצִיג קִינְד בִּין אִיךְ גֶעוֶועהְן בַּייא אִיהְר
אִיהְר גַאנְץ לֶעבִּין אִיז נָאר גִיהָאנְגֶען אִין מִיר,
וִויא זָאלל מִיר נִיט זַיין בִּיטְטֶער
אַז אִין דֶער לוּסְטִיגֶער שָׁעָה, — בּיס
אִיז מַיין גֶעטְרַייֶע מוּטְטֶער
אויף מַיין שִׂמְחָה נִיטָ'א—.

קאהר. לָאזֶען זַייא גֶעהְן .... א' ז' ווי'

---

מירעלע. אֵיין טְהַייעֶרֶען וִוינְשׁ הָאט זִיא שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאט:
,דַיין חוּפָּה צוּ דֶער לֶעבִּין,' וִויא הֶעלְפְט מִיר שׁוֹין גָאטט'
וִויא זָאלל מִיר נִיט זַיין בִּיטְטֶער .... א' ז' ווי'

קאהר לָאזֶען זַייא גֶעהְן .... א' ז' ווי'

---

אברהמציע, (צו מירעלען) אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר טָאכְטֶער—לֶעבִּין, אַז מִיךְ קָאסְט אַזוֹי פִּיעל גֶעלְד דַיין גֶעבּוּרְטְסְטַאג, נָאר דִיר תַּעֲנוּג אָן צוּ טְהוּן דִיךְ פְרֵיילִיךְ מַאכִין, אוּנ דוּא פַארְשְׁטֶערְסְט אוּנְז דִיא שִׂמְחָה מִיט אַזוֹינֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע

געראקען ! אמת טאקע, דיין מאמע איז דיר צו פריה אפגעשטארבען. גאר דאס האט דאך גאטט אזוי געוואלט, אונ עס איז דאך שוין אזאך וואס ס'איז פארפאללען. האסט זיך אליין געזעהען. טאכטער, וויא פיעל מיך האט געקאסט איהר קריינק. איך האב אוודאי ניט געוואלט זיא זאלל שטארבען. איך האב מיך גענוג אוועק געלייגט, אונ גענוג געלט אויס געבראכט. גאר וואס העלפט עס !... נא אונ אזא זאך וואס מע קען שוין צוריק ניט חאפען, דארף מען זיך גאר ניט דער מאהנען. ובפרט נאך אויף א שמחה, אונ וואס מיין קינד, פעהלט דיר דען ביא דיין טאטען ! האסטו דען ניט אללע פערגניגען ביא מיר ! — איך בין שוין אן אלטער מאן, מיין גאנץ עשירות, מיין גאנץ הארעווען, איז דאך גאר פון דיינעט וועגן מיין ליעב קינד. נא וואס זשע נאך פעהלט דיר ביא מיר ! — איז דיר דען דיא שטיף מאמע (וויזט אויף בתיה'ן) ניט געטרייא פונקט וויא איין אייגענע ! (מירעלע גיט אויפץ) האב איך דען געדארפט צו געוואלט חתונה האבען נאך דיין מאמעס טויט, ווען ניט צו ליעב דיר ! פלעגסט דיא אלליין ניט זאגען ווען זיא האט נאך געוואהנט ביא אונז אין שכינות אונ פלעג דיך צו זעהן וויא איהר אייגען קינד — פלעגסטו דאמאלס אלליין ניט זאגען אז זיא איז דיר געטרייא פונקט וויא איין אייגענע מוטטער ! אונ טאקע צו ליעב דעם האב איך מיט איהר חתונה געהאט. איך האב ניט געקוקט אויף קיין כבוד, ניט אויף קיין געלד. אבי זיא זאלל דיך אפ היטען וויא איין אייגענע מאמע, אבי דוא זאלסט האבען א טרייסט... וואס ניין אפשר !

**בתיה** (געהט צו איהר צו. נעהמט זיא אן ביא דער האנד) מירילע. האסט זיך מיך ליעב. טהוא זשע מיר צו ליעב אונ זייא מונטערער.

**אברהמצי** (צו מירילען) איז דיר דען ליעזעטשקע ניט געטרייא וויא איין אייגענע שוועסטער ?

**ליעזע** (נעהמט זיא אויך אן ביא דער האנד) מירילע ! זיסע מירילע. נא גיב מיר גיך אקוש, אונ ווער אביסעלע פרייליכער.

**אברהמצי** (צו מירילען) שטעהט דען ניט דיין געליבטער חתן פאר דיר ! (מארקוס גיט איהר אקוש אין דער האנד. זיא) בייגט איהר קאפ אויף זיין אקסעל) אונ וויא לאנג נאך מיינסטו וועט דויערין ביז צו דער חתונה ! נאך שבת באשטעל איך דיר שוין ביים שניידער חתונה קליידער צו נייען, אונ קאם ווערין זייא פארטיג שפילען מיר שוין דיא חתונה, אין א גוטער שעה.

**מרקוס.** נא גענוג. גענוג מירילע צו זיין אזוי טרויעריג. לאמער זיך א ביסעלע אונטער האלטען (צום עולם) נא ליעבע געסט קלערט עפעס אויס א שפיעל מיט וואס מיר זאללען זיך קענען א מוזירען — נא אין וואס זאללען מיר יעצט

שפיעלען. (אין דעם מאמענט דער הערט מאן **האצמיכ'ס** שטיממע פון דרויסען שרייענדיג, „צעלניק! צעלניק!“) א מאקע גוט, גוט, דאס קומט אן האצמיך דער ראזנאשטשיק. ער וועט אונז שוין אונטער האלטען.

# צווייטע סצענע

**האצמיך.** קומט אריין מיט א פעקיל אויף דיא פלייצים. אין איין האנד אקעסטעלע. אין דער אנדערער האנד האלט ער אן ארשין. הייבט נאך אן פון דרויסען צו שרייען) צעלניק! צעלניק! קויפט וואלוויל בנאמנות איך זאג אייך אן לצנות. ווער ס'וועט וועללען טהייער. דער זאל ברענגען אין פייער: גלעזערנע זאקען בענדליך גומילאסטיקנע ברילען. שטאלערנע הויזענטראגער. לעדערנע שפילקעס. כשר'ע זייפען. טריפה'נע בייטעלעך. פארעווע מעסערליך. רויטע קאנווערטין. ווייסע. טריפוואקס. קאמליך בארשטליך. קנעפליך. זאפאנקים דער רוח זאלל מיך נעהמען. (אללע צו לאכען זיך)

**מארקום.** (שלאגט איהם איבער) וואס טיהט איהר דא האצמיך?

**האצמיך.** אקשיא וואס האצמיך טיהט דא. דער רוח זאלל מיך נעהמען! האצמיך אונ קוקט מיך אן. אונ קאכט וועטשערע דער רוח זאלל מיך נעהמען! וואס הייסט? איך געה מיר וויא מיין שטייגער איז. פון דיא קאפע הייזליך. פון דיא ביער הייזליך. פון אלדע שווארצע יאהר. ד. ר. ז. ם. נ. ! טאמער וועל איך עפעס לייזין פאר סחורה. פרנסה ברידער! אוויב מיט אסאך קינדערליך ד׳ ר׳ ז׳ מ׳ נ׳ וויא איך געה דא אזוי דורך. זעה איך עס לאכט זיך עפעס זעהר שטארק ביא ר׳ אברהמציק אין דיא פענסטער אדא טראכט איך מיר דער רוח זאלל מיך נעהמען! לאמיך נאר אריין געהן. אונ גלייך וויא איך האב געטראפען אונ עין הרע אן עולם מיט מענשען. דאס דארף איך דאך מאקע האבען ד׳ ר׳ ז׳ מ׳ נ׳! איהר וועט דאך מיר אוודאי עפעס גיבען צו לייזין. אוויב מיט אסאך קינדערליך ד׳ ר׳ ז׳ מ׳ נ׳! נא קויפט זשע ביללינ בנאמנות איך זאג אייך אן לצנות. ווער עס וועט וועללען טהייער. דער זאלל ברענגען אין פייער. גלאזערנע זאקען באנדליך.... א. ז. וו׳

**מארקום.** (שלאגט איהם איבער) שטעהט שטעהט האצמיך! יעצט איז ניט דיא צייט פון האנדלין. איהר זעהט דען ניט אז יעצט איז ביא אונז א שמחה?

**האצמיך.** א שמחה. דער ר׳ ז׳ מ׳ נ׳! נא אונ ר׳ אברהמצי האט מיך נאר ניט געבעטין אויף לעקיך אונ בראנפען? — עס מוז אוודאי זיין מירעלעס חתונה? ד׳ ר׳ ז׳ מ׳ נ׳

**בתיה.** ניין האצמיך. היינט איז מירעלעס געבורטסטאג.

האצמיך. וואס הייסט דאס ב א ר ס ט א ג ? ס'הייסט אין דעם טאג וואס מען נעהמט אין באר אריין ? (אלע לאכען).

אברומצי. שטיל דיא נאר ! אין דעם טאג צוריק מיט 17 יאהר איז מיין מירילע זאל לעבין געבוירען געווארען . דער פאר איז בייא אונז היינט א יו"ט !

האצמיך. א יו"ט ? דארף איך דאך קיין תחנה ניט זאגען ד' ר' ז. מ' נ' ! ס'הייסט אז מען דער מאנט זיך בייא אייך אין דעם טאג וואס מען איז געבוירען געווארען דארף מען מאכען א יו"ט ? אונ איך ווייס אז איך פאר שעלט מיר דיא יאהר אונ טאג וואס איך בין נאר געבוירען געווארען אויף דער וועלט אזוי פאר שווארצט צו ווערין. ד' ר' ז' מ' נ' ! נאר מהיכא תיתי, א יו"ט איז א יו"ט— אויב אזוי וועט דאך בייא מיר מירילע אוודאי האנדלין . אפאר זאקען באנדליך . אז איז דאס א גוטע מירילע . א הארצעדיגע מירילע. ד' ר' ז' מ' נ' ! ניט איין מאהל האט זיא מיר געשענקט אן אלט קליידיל פאר מיין פלונית'טעס חענין אונ העמדעליך פאר מיינע אסאך קינדערליך דער ר' ז' ם. נ' ! . נאר אייער ווייב זאל לעבין בתיה איז מיר נאך שולדיג פון פאר שבועות אן עטליכע קאפיקעס פאר דיא טיכליך וואס זיא האט גענומען נאר נישקשה . איך געטרויע איהר . זיא וועט מיר אוודאי אפ געבין . (צו בתיה'ן) איאה בתיהנו ?

בתיה. (וויא מיט אבייזוער) איך וועל דיר אפ געבין . איך וועל דיר אפ געבין !

האצמיך. נא קויפט זשע ביליג בנאמנות . איך זאג אייך אן לצנות ווער עס וועט וועלען טהייער דער זאל ברענען אין פייער ...

מארקוס. (שלאגט איהם איבער) שטעהט . שטעהט ר' האצמיך ...

האצמיך. גלאזערנע זאקען בענדליך שפאלענע הויזענטרעגער ....

מארקוס. זייט אזוי גוט האצמיך . אונ לייגט אוועק אין דער זייט אייער פעקיל ...

האצמיך. גומילאסטיקענע ברילען . פארעווע מעסערליך טריפ ...

מארקוס. יעצט איז ניט דיא צייט פון האנדלין . יעצט ווענט איהר בייא אונז א גאסט ...

האצמיך. רויטע קאנווערטין . ווייסען טריפ .... (מארקוס נעהמט בייא איהם צו דאס פעקיל לייגט עס אנידער אין אווינקעל) ר' מרדכי איהר זאלט נאר אכטונג געבען אז עמיצער זאל בייא מיר ניט אנטלייען אפאר זאקען באנדליך .....

מארקוס. (צום עולם) נא מיינע ליעבע . איצט לאמיר עפעס אוים קלערין אשפיעל וועלען מיר זיך אלע אין איינעם אונטערהאלטען (עטוואס טראכטענדי) לאמיר שפיעלען אין פאנדא.

האצמיך. ניין . לאמיר בעסער שפיעלען אין קניפליך ווער עס וועט ארויס ציהען דאס קניפעל דער זאל הייסען געבין משקה. ד ר ז ם נ !

מארקוס. ניין . ניין . משקה וועט דאך בסילא זיין . ווייל עס איז דאך היינט

אַשׂמחה נאָר חייסט איהר גאַר וואָס . האצמיך וועט אונז גאַר עפּעס [illegible]
אַיאָה האצמיך ?

**אללע.** יאה , יאה , האצמיך זאָל עפּעס זינגען , ער האָט אַגוטע שטימע .

**האצמיך.** איך האָב אפילו מיין שטיקע איבער גילאָזט אין דער היים [illegible]
פּלוניתטע . . . נאָר מהיכא תיתי אַז קהל פאַרלאַנגט וועל איך [illegible]
טהון , וואָס זשע זאָל איך אייך זינגען ?

**מארקוס.** זינגט וואָס איהר קאָנט .

**האצמיך.** נאָ וועל איך אייך זינגען „דער רוח זאָל מיך נעהמען“ (זינגט)

---

דיא מענשען זענען היינט פאַלש און פערשטעלט
אין דער מיינונג איז אַיעדער פערשיעדען :
מיט'ן מויל רעדט מען ניט נאָר איינס אין דער וועלט ,
און אין האַרצען איז מען אונ־צו־פרידען :
אייער פריינד וועט דוקא ניט זיין אַזוי פויל
ביא זיך אין שטוב אייך שעהן אויף צו נעהמען ,
פריינדליך וועט ער ריידען צו־נ־אייך מיט'ן מויל
און זיך טראַכטין „דער רוח זאָל אייך נעהמען“

---

צו זיינעם אַ בעל חוב קומט איינער אַריין
און פאָדערט זיין וועקסעל קוויטירען ,
דער בעל חוב נעהמט איהם אויף לפנים גאַנץ פיין
אין הייבען אָן ביידע דישקורירען ,
„מיין וויזיט“ – זאָגט דער קרעדיטאָר – „געפעהלט אייך גאָר ניט [illegible]
„זאָגט דעם אמת איהר האָט אייך ניט צו שעהמען“
„זעהר איינגענעהם – ענטפערט איהם דער בע"ח מיט'ן מויל
און טראַכט זיך , „דער רוח זאָל איהם נעהמען !“

---

אַ ווייבעלע אַיונג'ס האָט נאָר אַן אַלטען מאַן
און אַיונגער דרעהט זיך אויך אין מיטען . . .
צום מיטטאָג לאַדט זיא איהם שטענדיג אַן

און ער מאכט איהר אפטע וויזיטין!...
דער אלטער מוז איהם אויך אויפנעהמען זעהר וואהל
[illegible]ייט הייכיש, איהר האט אייך ניט צו שעהמען
קומט אפטערס "בעט איהם דער אלטער מיט'ן מויל
און טראכט זיך, דער רוח זאל איהם נעהמען;...

---

אין בולוואר דרעה איך מיך צווישען פיעל הערען
איך דער זעה אבער ניט גוט מיט דיא אויגען,
האט זיך מיר געמאכט אז איך האב אומגעריין
איינעם אנגעטרייטען אויף דיא הינגער-אויגען;
פארדאהן! —, ענטשולדיג איך מיך פאר איהם אזוי וואהל—
ס'טהיט אייך וועה? זאגט, איהר דארפט אייך ניט שעהמען"
—עט, מאכט ניט אויס" — ענטפערט ער מיר מיט זיין מויל,
און טראכט זיך ,אוי דער רוח זאל דיך נעהמען"!...

---

א צייט ליעבט א מיידיל א יונגער שארלאטאן
און האלט זיא אין איין האלזען און קישען,
ער זאגט איהר צו אז ער וועט זיין איהר מאנן
שאקי מיט חופה וקדושין;
"נא שטעל שוין א חופה, נא זייא ניט אזוי פויל"
—בעט זיא איהם— וואס האסטו זיך צו שעהמען"
"איך וועל דיך נעהמען" זאגט ער איהר צו מיטין מויל
און טראכט זיך „דער רוח וועט דיך נעהמען!"...

---

אלע. (פלעסקין מיט דיא הענד) בראווא! בראווא האצמאך!
האצמאך. בראווא! דער רוח זאל מיך נעמען!
אבראמצא. נא, מיין לעבין! האסטו זיך שוין אביסיל צערשטרייעט?
האצמאך. א קשיא צו האצמאך קען צו שטראיען?
מארקוס. נא יעצט מיינע ליעבע וועלען מיר שפיעלען אין בלינדזיקיט!—
האצמאך. וואס? און בלינד ווערין? זאל גאט היטען! איך האב א ווייב [illegible]
א סאך קינדערליך דרומ'ג.

מרקוס. גיין דאס איז נאר אזא שפיעל וואס דיא הייגטיגע וועלט שפיעלט מיינסטענס
דרינגען.....

בתיה. יאה, יאה, נאר אויף וועהמען זשע וועט פאלען דער גורל?

מארקוס. לאז זיין טאקע אויף מיר אליין. איך וועל צום ערשטען בלינדרען. (מען
פערבינט איהם דיא אויגען. אלע שטעלען זיך אוים אין אראהר. מארקום
אין דערמיט אין זינגען)

אללע. (ארום דרעהענדיג זיך ארום מארקוס'ן זינגען)

טראלאלאלא! — שפיעלען זינגען —
טראלאלאלא! — דאס מאכט מוטה! —
טראלאלאלא! — מאנצען שפרינגען —
טראלאלאלא! — גוט, גוט, גוט! —

מארקוס. (מאכט מיט דיא הענדט גלייך וויא ער וויל זייא חאפען. זייא צו לויפען
אין אלע זייטען)

## איך בין דאך נאר א בלינדער!

אללע (לויפעןווידער צו) וואס איז דאס פאר א ווינדער? (צו לויפען זיך ווידער)
מארקום — — — — צו לויפט זשע אייך ניט קינדער!
אללע (לויפען צו) אט זענין מיר אללע דא. (צו לויפען זיך)
מארקום — — — — יעדער לויפט אוועק באזונדער!
אללע (לויפען צו) נא חאפ זשע אונז געשווינדער! (לויפען אוועק)
מארקום — — — — צו לויפט זשע אייך ניט קינדער!
אללע (צו לויפענדיג) אט זענין מיר אללע דא

(אלע נעהמען זיך ווידער אן ביי דיא הענדט, דרעהן זיך ארום אראד ארום מארקוסין, און זינגען דיא ערשטע פערזען „שפיעלען זינגען.... א. א. וו. — ווערענד אלע זינגען דרעהט זיך מארקוס ארום אין דער מיטט ראהד און מאכט מיט דיא הענדט ביז ער חאפט אן בתיהן, עס ווערט א געלעכטער מיט א געשריי „בראווא" מע בינדט אפ מארקוסין דאס טיכיל און מען פערבינדט בתיהן. אלע נעהמען זיך ווידער אן און זינגען דיא פערזען וויא ביי מארקוסין, ביז בתיה האפט אן האצמיכלען עס ווערד ווידער א געלעכטער מיט א בראווא, מען פערבינד האצמיכלען דיא אויגען און עס געשיהט ווידער דאס זעלבע וויא ביי מארקוס'ן מיט בתיהן, ענדליך אויף עס לעצט צו לויפען זיך אללע אין איין אנדער צימער אריין, האצמיך בלייבט איבער אליין און זוכט מיט דיא הענדט אין דער לופט הין און הער עמיצען צו חאפען, און ניט געפינענדיק קיינעם זאגט ער עע! איהר האט זיך באהאלטען, נישקשה איך וועל אייך געפינען'— בת ענדליך

# דריטע סצענע

(קומט אריין דער קאמיסאר, אונ געהט צו צו האצמילין, האצמיך מיינענדיג אז ער האט אנגעחאפט איינעם פון דיא געסט, חאפט ער זיך ארויף אויף איהם)

**האצמיך.** הַא הַא, ר׳ מַארְקוּס, נָא אִיצְט וָועט אִיהְר בְּלִינְזֶען, נִישְׁקְשֶׁה, וָואס אִיז, אִיךְ הָאבּ גֶעמֶעגְט בְּלִינְזֶען — (דער קאמיסאר וויל איהם פון זיך אראפ װארפין, ער לאזט זיך ניט), עֶ נַיין ר׳ מַארְקוּס, וָועט אִיהְר הַייסֶען גִיבֶּען מַשְׁקֶה אִיז גוט, אֶלָא גִיט הַאלְט אִיךְ אויף אַייךְ שַׁבָּת (אונ וויא ער האט זיך נאר אפגעבונדען דאס טיכעל, אונ האט געוואלט איהם פארבינדען, דערזעהט ער פלוצים דעם קאמיסאר, אונ פאלט אנידער אויף דער ערד מיט שרעק), אוי אוי! אִיךְ הָאבּ גִיט קַיין טַאבִּיקֶע, נַיין נַיין פְּרוּץ לֶעבֶּען. וִויא אִיךְ טְרָאג בָּארְד אונ פֵּיאוֹת אַז אִיךְ הָאבּ גִיט קַיין טִיטוּן, אִיךְ הַאנְדִיל נָאר מִיט כְּשֵׁרֶ׳ע סְחוֹרָה.

**קאמיסאר.** וואו אִיז דֶער בַּעַל הַבָּיִת פוּן דַאנֶען?

**האצמיך.** (פאר שרעק הערט ניט וואס ער פרעגט איהם) אוי אוי, אִיךְ הָאבּ אַ גֶערֶעכְטֶע מָאס. אִיךְ הָאבּ עֶרְשְׁט בַּאצָאהְלְט אַ פְּרַאנְק מִיט 50 סַאנְטִים אִין דֶער פְּרֶעמַארְיֶע.

**קאמיסאר.** דָאס פְּרֶעג אִיךְ דִיךְ נִיט, אִיךְ פְּרֶעג דִיךְ וואו אִיז דֶער ווִירְטָה?

**האצמיך.** (שוין ניט אזוי דער שראקין) אִיךְ הַאנְדִיל נִיט מִיט סְפִּירְט, דָא אִיז אַ שִׂמְחָה, קָאן זַיין אִיהְר זָאלְט דָא קְרִיגֶען אַ בִּיסֶעל סְפִּירְט.

**קאמיסאר.** (מִיט אַ בֵּייזֶער) אויף דַארוּיף פְּרֶעג אִיךְ דִיךְ נִיט, אִיךְ פְּרֶעג דִיךְ אוֹיפְ׳ן בַּעַל הַבַּיִת פוּן דַאנֶען.

**האצמיך.** וָועהמֶען מֵיינְט אִיהְר ר׳ אַבְרָהָמְצִין? גִיט מִיךְ? (עֶר רוּקְט זִיךְ אָפּ מִיט שְׁרֶעק, אוּנְטֶען אַרוּם, אַלֶע מָאהְל נֶעהֶענְטֶער צוּ דֶער טְהִיר אוּנ שְׁרַייט) ר׳ אַבְרָהָמְצִי! ר׳ אַבְרָהָמְצִי! גֶעהְט זַייט מוֹחֵל דֶער אָדוֹן דַארְף אַייךְ הָאבֶּען. אוּנ וַיְבָרֵךְ משֶׁה, הָאצְמִיךְ שְׁטֶעל פִּים! (עֶר לוֹיפְט אַרוֹיס).

# פירטע סצענע

(אללע, אברהמצי מירעלע, מארקוס אונ דיא איבעריגע, קומען אריין)

**אברהמצי.** (צום קאמיסאר) וָואס וִוינְטְשְׁט אִיהְר מַיין הֶערר. אִיךְ בִּין דֶער ווִירְטָה פוּן דֶעם הויז.

**קאמיסאר.** אוּם נַאהמֶען פָאם גֶערִיכְט בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אַייךְ אַרֶעטִירֶען.—

**אללע.** (מיט שרעק) וָואס אִיז דָאס?!

מארקוס. (צום קאמיסאר) קאנט איהר מיר ניט זאגען אונ וואס בעשטעהט דעם מענשינס פערברעכען ? ער איז דאך בעקאנט אין דער שטאט אלס ארדענטליכער בירגער, וואס האט אויף זיין לעבען זאגאר קיין פראצעס מיט קיינעם געפיהרט ?

קאמיסאר. דאס איז ניט מיין, אויך ניט אייער זאך, דאס געריכט וועט אלעס ערקלעהרין, אלזא צענגערט ניט, אונ קומט.

מירעלע. (מיט א געוויין פאלט דעם פאטער אויפ'ן האלז) פאטער! פאטער!

אברהמצי. רוהיג מיין קינד, איך פיעל מיך דא אין גאר ניט, וואס זשע האסטו זיך צו שרעקין ? דא האט עפעס געמוזט זיין א קלייגער טעות, אונ ווייטער ניט.

ליעזע. (צו בתיה'ן) אוי מאמע, די כישופמאכערין וואס האט דא געזכטין געלייגט קארטין, האט מאקע געזאגט אז דא וועט עפיס געשעהן איין אומגליק.

בתיה. (גיט זיא אצי בייא דער האנד) שטילל!...

(דיא מוזיק פאנגט אן צו שפיעלען א טרויער-מארש)

אללע. וועה איז אונז!

מירעלע. ראטעוועט, ס'איז מיר ניט גוט —
איך בין פערבייא — אוי!

(זיא פאלט אין אהנמאכט, בתיה מיט מארקיסען האלטען זיא אונטער)

אברהמצי. זייט געזונד, זייט געזונד — זייט געזונד!...

מוזיק שפיעלט פארטווערענד דעם טרויער—מארש גאנץ שטיל, אלע בלייבען שטעהן טרויעריג, מיט אנגעבייגטע קעפ; דער קאמיסאר פירט פאמעליך ארויס אברהמצין, וועלכער קוקט זיך אלע מאהל אום צוריק צו דיא געסט, בייא דעם מאמענט לאזט זיך דער פארהאנג לאנגזאם אראפ).

---

# צווייטער אקט

---

## ערשטע סצענע

---

### צווייטעם בילד

(אין 2 חדשים ארום)

שטעלט פאר בתיה'ס איינפאכע צימער, פוןביידע זייטען טהירען ווערענד דיא מוזיק גיט דיא רעטורנעללא קומט אריין פון דער רעכטער

זיית טהיר מירעלע, ארעם געקליידעט, צופלאסען דיא האאר, מיט איין עמער אין דער האנד, פערוויינט, פערזארגט, דעם קאם אראפגעלאזט, שטעלט אנידער דעם עמער, אונ זינגט,

עלענד פון אללע ביימער ווייט
אויף א בערגעלע גאנץ קליין,
וואקסט נאך גאר א יונג ביימעלע } ביס
אין ווילדען וואלד אליין!—

דיא זונן ברענט דעם שטארק אין קאפעלע
דער רעגין וואשט דאס אפ,
אונ דיא טראפענס פון דיא בלאטליך } ביס
רינען וויא טרערין אראפ.—

קיין שאטען שיצט דאס ניט ארום
עס פאטשט דעם פרייא דער ווינד!...
צו דעם, איך עלענד יתומהלע } ביס
בין איך געגלייכען אצונד...

דער טאטע איז ניטא, קיין מאמע האב איך ניט...
א שטיעף-מוטער פאר איהר
זיא קוועלט מיך, אוי! אונ קיין שום מענש } ביס
געהמט זיך ניט אן פאר מיר.—

(זיא פערדעקט מיט דיא הענד דאס פנים אונ וויינט)

ניסט טרערין, רינט וויא ווייט איהר קאנט! טאטער וועט איהר מיר קענען גרינגער מאכען אויף מיין שווער ביטער הארץ!.... וויא א שווערער שטיין פרעסט מיר מיין ברוסט, דיא שמערצען דריקען מיר דעם אטהעם. אונ אויף דעם הארצען איז מיר אזוי שווער – אזוי שווער (פויזע). יאה. געטראכען האסטו בישופמאכערין ווען דוא האסט מיר קארטען געלייגט. יאה יעצט בין איך דיר געקומען צו גלייבען.... שלעכטע פרויא! פאר וואס האכטו יעדען אויסגעלייגט צום גוטען, נאר מיר צום שלעכטין! ביסטו דען מיין מיין שטיעף מאמען אבעסערע גוטער פריינד וויא מיר! אונ ווען יאה, ביסטו דען אומשטאנד יענעם צו ליעב טהון, ווען דיא קארט פאלט א..זוי! (פויזע). אלוואי – זאגט מיר דיא בישופמאכערין – זאל דיר זיין צום גוטען איך ווינש

דיר אַוודאַי גוּטְס, נאָר דאָס נַיינְטֶעל פּיק וואָס איז געפאַלֶען נֶעבִּין דער דאַמֶע
טְרֶעף ווייזט דיר אויף צָרוֹת און אויף אוּמְגְלִיק!... דיא גוּטֶע פְרוֹיא האָט
מיך געוואָלט טְרייסְטֶען, נאָר אוּמְזִיסְט איז געוועהן. איהרֶע ווערְטֶער זֶענִין
מיר טִיעף, טִיעף אַרַיין אין הַארְצֶען, און יֶעדֶען אין דער פְרִיא ווען איך
פְלֶעג ערוואַכֶען פון מיין שְׁלָאף, איז מיר אויפ'ן הַארְצֶען אַזוֹי שְׁווער געוועהן
פון דיא שְׁרֶעקְלִיכֶע חֲלוֹמוֹת, אַז זַייא האָבֶען פון מיר אַזְשׁ אַ תֵּל געמאַכְט...
(נאכדענקענד) זאָל שׁוין דאָס זַיין דאָס אוּמְגְלִיק וואָס מֶען האָט מיין פַּאטֶער
פְלוֹצְלוּנג פַּארְשִׁיקְט, צוּ עס שְׁטֶעהְט מיר נאָך פַאר אַ גְרֶעסְסֶער אוּמְגְלִיק?...—
שׁוין אין דיא לֶעצְטֶע צייטֶען. נאָך ווען מיין פאַטער איז אין דער הַיים
געוועהן האָט שׁוין דיא שְׁטִיעפְמַאמֶע אַנְגֶעקֶענְגִין מיר זֶעהְר שְׁלֶעכְט געהאַנְדֶעלְט.
נאָר איך האָבּ עס אִיהְם ניט געוואָלְט דערצֵיילֶען כְּדֵי ער זאָל קַיין יְסוּרִים
ניט האָבֶּען. ער קער אַוודאַי יֶעצְט מֵיינֶען. דאָרְט וויא ער איז. אַז ער האָט
מיך דא איבּערְגֶעלָאזְט אויף גוּטֶע הֶענְט. אָה נַיין! געטְרַייֶער פאַטֶער! עס
איז שׁוין ניט מֶעהְר דיא געטְרַייֶע בַּתְיָה וואָס האָט מיט אוּנְז אַ מָאהְל אין
שְׁכֵינוּת געוואוֹהְנְט. פון אִיהְר איז יֶעצְט געוואָרֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע בֵּייזֶע שְׁטִיעף
מַאמֶע. אַז איך קען שׁוין מֶעהְר פון אִיהְר ניט אויס הַאלְטֶען, אִיהְר טָאכְטֶער
איז יֶעצְט דיא בַּת יְחִידָה, און מיט מיר אַרְבֵּייט זיא נאָך עֶרְגֶער וויא מיט
אֵיין אֵייזֶעל. איך מוּז זַייא בֶּעדִינֶען. דאָרְף דיא גֶעכְט לָאזְט זיא מיך ניט
שְׁלָאפֶען. שִׁיקְט מיך אַרוּם אין דיא גְרֶעסְטֶע רֶעגֶנְס, אין דיא גְרֶעכְטֶע
קֶעלְטֶען. זִידֶעלְט מיך. שֶׁעלְט מיך. שְׁלָאגְט מיך. מוּטְשֶׁעט מיך בִּיז צוּם
טוֹיט און איך ווייס ניט פַאר וואָס. — און דא האָבּ איך קַיין אֵיינְצִיגֶען גוּטֶען
פְרַיינְד פַאר וועמֶען מיין שְׁווער בִּיטֶער הַארְץ אויס צוּ דערצֵיילֶען. מיין חָתָן
איז אַוועק געפָאהְרֶען טָאמֶער וועט ער קֶענֶען אויסווירְקֶען מֶען זאָל מיין פאַטער
בֶּעפְרַייעֶן. אַזוֹי בִּין איך געבְּלִיבֶּען עֶלֶענְד. איך אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יְתוֹמָה... אָה!
גִיסְט טְרֶערִין; רִינְט וויא ווייט איהר קֶענְט טָאמֶער וועט איהר מיר קֶענֶען
גְרִינְגֶער מַאכֶען אויף מיין שְׁווער בִּיטֶער הַארְץ!....

## צווייטע סצענע

בתיה. (אריינקומענדיק פון דער רעכטער טהיר – מיט א געשרייא) נאָך שְׁטֶעהְסְטוּ
דא דיא מויד; פון ווען אָן איך האָבּ זיא אַוועק געשִׁיקְט נאָך אֵיין עֶמֶער וואַסֶער.
און דיא פוילֶע קאַנאַלְיֶע האָט זיך נאָך פוּנִים אָרְט ניט גערִירְט! (גיט זיא א שטוּפּ)
ריהר זיך שׁוין, אין דער עֶרְד אַרַיין! דוּא מֵיינְסְט אַז דוּא בִּיסְט בַּייא מיר
געפֶּעסְטֶעט וויא בַּיים טַאטֶען בַּייא דַיינֶעם, אָבֶּער גאָר ניט! (מירילע ווינט)

קוק נאר אן א מין ראיען, אז ראיען זאל איך שוין נאכין קאפ נאך דיינעם (נים זיא נאך א מאהל א שטופ) געה שוין דוא פארשיווע מויד! ווארין איך צעריים דיך אויף שטיקליך! (מירילע אבגעהענד לינקס קוקט זיך אום בייז) זעה נאר א מין קוקען, אז ארוים זאללען איהר שוין דיא אויגען! (מיריל געהט אוועק).

# דריטע סצענע

**בתיה.** (פאר זיך אלליין) נא נא, נא דיר א מויד אויף מיין קאפ! (פויזע) מע מוז אבער היינט זעהן מאכען א נעק מיט איהר איך וועל איבערעדען מיט דיא באבע יאחנע, זיא וועט מיר דיא בעסטע עצה געבען, א מעהר וואס קען דאס זיין וואס זיא איז נאך נישטא? (זיא קוקט זיך ארום לינקס) דאכט מיר איך הער עמיצען געהן דארט? הא הא! דאס איז זיא אט-א פנים, קאם וואס זיא שלעפט זיך דיא אלטע מכשיפה (הויך) קומט אריין באבע יאחנע, האט קיין מורא נים, עס איז קיינער ניטא אין שטוב.

# פירטע סצענע

**באבע יאחנע.** וואס איז ווידער בתיה, וואס האסטו עס מיך געשיקט רופען?

**בתיה.** איך האב אייך זעהר נעהטיג באדארפט, באבינקא, איך האב אייך געוואלט בעטין, איהר זאלט מיר אפ טהון א כישוף איך זאל שוין דיא מויד אויך אין גאנצען פטור ווערין אזוי וויא דעם טאטען איהרען, לאז זיא זיך מיר אויפהערין צו דרייען פאר דיא אויגען, קורץ, איך וואלט געוואלט שוין אין גאנצען דיא וויסטע משפחה פטור ווערין, נא באבינקא, קאנט איהר מיר טאהן אזא כישוף?

**באבע יאחנע.** (נעמט ארוים דיא פושקע, טהוט א שמעק טאבאק) געה שוין געה, נאך רעדסטו וויא א קינד? נאך איז ביי דיר אנגערעט אז איך טהוא יענעם כישוף? נאך מיינסטו אז איך זיד טעפלעך — קמיילע האר, איך דרעה אראהר אין קוימען, שטעק א מעסער אין דער ערד אריין, מאך איך עפעס מיט דעם? דיא קונצען מאך איך נאר אויס צו נארען געלד ביי דיא נערנים וואס זענין פארגלייבט אין דרעינען, אבער אין אמתין האט דאס גאר קיין ווערטה נים-אונ אין וואס מיינסטו באשטעהט מין גאנצער כישוף? נאר אין דער גרויסער פראקטיקע פון דער וועלט וואס איך האב גילערנט, דאס לעבעדיגקייט, דיא חכמה, דיא פעהיגקייט צום שווינדעל, אט דאס איז דער גאנצער כישוף, אונ ווייטער גאר נים! (טהוט א שמעק טאביקע, צו ניסט זיך שטארק

אוּנ שׁפּשׁעט שׁטיל סיטען מויל) בַּתְיָה! הָאט דֶען דִיא שְׁטָאט אַלֵיין נִיט גֶעזָאגְט בִּשְׁעַת דוּא הָאסְט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַבְרָהַמְצִין אַז דוּא הָאסְט אִיהם אַ כִּישׁוּף אָבְּגֶעטְהוּן? אוּנ דֶעם אֱמֶת וַוייסְט דוּא דָאךְ וָוס סְ'אִיז גֶעוֶועהְן. אַז דָאס הָאט נָאר אָנְגֶעמַאכְט מֵיין גֶענִיטְשַׁאפְט אִין דֶער וֶועלְט. אוּנ וַוייטֶער גָאר נִיט! (טהוּט א שמעק טאביקע) פַאר שְׁטֶעהְסְטוּ מִיךְ. אִיךְ הָאבּ פְּרָאסְט אַרוּיס גֶעזֶעהְן אַז אבְרָהַמְצִי אִיז אַ רֵייכֶער אַלְמָן, אוּנ הָאט מֶעהְר נִיט וְויא אַיין אוּנ אַיינְצִיג קִינְד, אוּנ דוּא בִּיסְט דָאךְ גֶעוֶועהְן אַיין אֲרִימֶע וְויסְטֶע אַלְמָנָה הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעהֵייסֶען. דוּא זָאלְסט זִיךְ אַרֵיין צִיהְען צוּ אִיהְם אִין שְׁכֵינוּת. אוּנ זִיךְ קְלָאמְמֶערְשְׁט מַאכֶען אַיין אַייְנגַאנְג צוּם קִינְד, אִיהְם שְׁמֵייכְלֶען אוּנ חַנְפֶהנֶען, זִיא בַּארִינֶען, בֶּעוַוייזֶען אִיהְם אוּנ אִיהְר טְרַייאשַׁאפְט, בִּיז אַבְרָהַמְצִי הָאט דָאס בַּאמֶערְקְט, אוּנ הָאט דִיךְ אַרֵיין גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּבּ. זָאלְסְט זֵיין אַ גוּטֶע דִינֶערִין זַיין קִינְד. אוּנ אִיהְם אַ גֶעטְרַייֶע ווִירְטְהָען, אָט אִין דֶעם אִיז בַּאשְׁטַאנֶען דֶער גַאנְצֶער כִּישׁוּף, אוּנ וַוייטֶער גָאר נִיט! (טהוּט ווידער א שׁמעק טאבּעקע) נָא אוּנ דָאס וָואס מֶען הָאט אִיצְט אַבְרָהַמְצִין אַיינְגֶעזֶעצְט. הָאט דָאךְ דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט נִיט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס דָאס בַּאטֵייט! — אָבֶער אִין דֶער אֱמֶת'ן וָואס אִיז גֶעוֶועהְן? ווֵייסְטוּ? דָאס דְרֵיידִיל הָאבּ אִיךְ גֶעדְרֶעהְט דוּרְךְ דַיין פֶּעטְער אֶלְיָקִים, עֶר זָאל מַאכֶען פַאלְשֶׁען בַּאנְקְנָאטְען, אוּנ פַאלְשֶׁע חֲתִימוֹת. אוּנ זָאל עֶס אִיהְם טָאקְע אַלֵיין אוּנְטָער וַוארְפֶען, אוּנ אִיהְם טַאקֶע אַלֵיין אוּנְטֶער מַסְרִין. אוּנ עֶס אִיז טַאקֶע אַזוֹי גִיוֶועהְן. אַצוּנְדֶערְט בַּתְיָה דְרֶעהְט דִיא בַּאבֶּע יַאחְנֶע נָאךְ אַ דְרֵיידִיל. וָואס סְ'וועט אוֹיךְ הֵייסֶען בַּייא דִיר אַ „כִּישׁוּף": — אַז פַאר דַיין מַאנְס אַוֶועקגֶעהְן הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעשְׁרִיבֶען דִיא קְלֵייט מִיטִ'ן הויז אוֹיף דַיין נָאהְמֶען, אוּנ אוֹיף דֶעם אִיבֶּערִיגֶען גֶעלְד וָואס גֶעהֶערְט צוּ זַיין טָאכְטָער הָאט עֶר דִיךְ טַאקֶע גֶעמַאכְט פַאר עֶפִּיטְרָאפּ דֶערִיבֶּער, נָא אוּנ ווִיא אַזוֹי דֶערִיבֶּער צוּ „עֶפִּיטְרָאפֶּען" דָאס דַארְף מֶען דִיךְ שׁוֹין נִיט לֶערְנֶען, פַארְשְׁטֶעהְסְטוּ מִיךְ?

**בתיה.** יָאה, דָאס אַלְסְדִינְג אִיז טַאקֶע זֶעהְר רֶעכְט, וָואס טְהוּט מֶען אָבֶער מִיט דֶער מויד, אַז אִיךְ זָאל זִיא אִין גַאנְצֶען פּטוּר ווערִין? וָואס דַארְף אִיךְ זִיא דָא?

**באבע יאחנע.** ווִילְסְט זִיא פְּטוּר וֶוערִין? בֶּע! דָאס אִיז אוֹיךְ אַ קְלֵיינִיקֵייט, צוּ דֶעם וֶועט מִן הַסְתָּם דִיא בַּאבֶּע יַאחְנֶע אוֹיךְ אוֹיס זוּכֶען עֶפֶּעס אַ מִין „כִּישׁוּף". (טהוּט א שמעק טאבּיקע, קלערט אייניגע מינוטען — נאכהער גיט זיא פלוצים א חאפּ אן בּתיה'ס האנד. אוּנ זאגט מיט פרייד) בַּתְיָה! סְ'אִיז דָא! סְ'אִיז שׁוֹין דָא נָאךְ אַ כִּישׁוּף! דוּא ווִילְסְט זִיךְ זִיא אִין גַאנְצֶען פְּטוּר וֶוערִין (בּתיה שׁאקעלט מיטען קאפּ א צייכען אויף „יאה") הֶער זְשֶׁע מִיךְ אוֹיס, דוּא שִׁיק זִיא מִיר

היינט אין מארק אריין, און דאס געלט וואס דוא וועסט איהר דארפען מיט געבין זאלסטו עס איהר טאקע אליין אריין לייגין אין קעשענע און טאקע מיניה וביה ביא איהר עס צוריק ארויס גענעמען. אזוי אז זיא זאל עס גאר ניט בעמערקין, פארשטעהסטו? איך דארף דאך דיך קיין מאך ניט לערנען וויא אזוי עס צו טהון. אויף אזוינע זאכען, ווייס איך דאך, ביסטו דאך תמיד איין בריה־משקע געוועהן. נא און דער נאך אז זיא וועט קומען אין מארק אריין און וועט ניט האבען צו באצאהלען פארען פלייש. וועט זיא דאך שוין מן הסתם אהיים מורא האבען צו קומען, ווארום זיא קען דאך דיך שוין וואס פאר א שלאק דוא ביסט, אז איידער אין דיין מויל. איז שוין פיעל בעסער אין גהינם. אריין צו פאלען, נא, און דער נאך אזוי וויא זיא וועט שטעהן אויפ'ן מארק וועל איך שוין אונטער קומען, און וועל שוין וויסען וואס איך האב מיט איהר צו טהון איך זאג דאך דיר, בתיה, מעגסט זיין זיכער אז מעהר אין שטוב ביא דיר וועסטו זיא שוין ניט זעהן, (טהוט א שמעק טאבאק— און נאך איינינע מינוטען נאכדענקענד, קוקט זיא זיך פלוצים ארום אין אלע זייטען, רוקט זיך נאהענטער צו צו בתיה'ן ראהמט איהר שטילערהייד איין אין אויער) ווייסטו וואס בתיה, כ'איז נאך א סברה, אז ס'וועט נאך ארויס געלד דורך איהר!.... נא האלט מיך דא מעהר ניט אויף. ווייל איך וויל ניט אז עמיצער זאל מיך דא טרעפען, ווארום דורך דעם קען קאליע ווערין דער גאנצער "כישוף".... פארשטעהסטו? נא זייא געזונד, און האב שכל!... (לאזט זיך אוועק געהן).

בתיה. (שרייט איהר נאך) געהט געזונדערהייד, און שיקט מיר דעם פעטער אליקימ'ן אהער.

באבע יאחנע. שעהן, שעהן, (טהוט א שמעק טאביקע פארניסט זיך, און געהט אוועק לינקס).

# פינפטע סצענע

בתיה. (פיר זיך אליין) זעלטען, זעהר זעלטען איז צו זעהן אזוינע פרויען.— וואס דיא האט שוין אויף איהר לעבין ניט איבער געטהון, און רוהט ניט אין אונ ווערט גאר ניט מיעד. (נאכדענקענד) נא! דאס, אז עס וועט מיר נאך געראטהען, וועט שוין זיין מיט אללעמען גוט, איך וועל מיר שוין קענען מיין ליעווענקען פערזארגען, איך קאן מיר גאר ארויסכאהרען אין איין אנדער שטאט צו וואס דארף איך גאר וואוינען אין אזא ארט וויא יעדער קען מיך? (זיא שרייט) מירעל! מירעל!

# זעקסטע סצענע

**מירעלע.** (קומט אן פון דער רעכטער טהיר) וואס איז מומעניא?

**בתיה.** נעם גיך דאס קוישיל און געה אין מארק אריין איינקויפען. (מיריל געהט אוועק רעכטס. קעהרט זיך באלד אום צוריק — בתיה נעהמט ארויס א בייטעלע מיט געלד, לייגט עס איהר קלאממערשט אריין אין קעשעניע. נעהמט עס ארויס צוריק) נא זעהסטו? אט האב איך דיר אריין געלייגט געלד אין קעשינע נאר דוא ביסט דאך א שלימזלדיקער האז, קאנסטו דאך עס נאך פארליערן? געדענק זשע! עס וועט דיר קיין ערגער קרחות ניט פעהלען. וועסט זיך אויף מיינע אויגען ניט טאהרין ווייזען. געה! (בלייבט פלוצים שטעהן און גיט א קוק אויף איהר) וואס איז דאס? ליעזעקעס שאל האסטו גאר אן געטהון? קראנק ביסטו אזוי צו געהן?

**מירעלע.** עס איז דאך אבער זעהר קאלט אין דרויסען.

**בתיה.** קוק עס נאר אן! דיא פארצערטילטע בריאה. עס איז איהר שוין קאלט געווארען. נישקשה דער רוח וועט דיך נאך היינט ניט נעהמען. אלוואי ערשט מארגען! (רייסט פון איהר אראפ דעם שאל) וואס? מיינע אלטע שיך האסטו אנגעטהון?

**מירעלע.** מיינע זיינען דאך אבער צוריסען:

**בתיה.** (אויף א קול) אז רייסען זאל דיך ביים בויך און ביי דיא קישקים, לעבעדיגער פאטער! מע דארף נאך צו דיר האבען קרח׳ס אוצר, מעזאל דיך קענען אויס-האלטען, נאך קיין 2 יאהר אפילו ניטא אז מע האט איהר געמאכט א פאר שיך היט זיא זייא שוין צעריסען! ניין, איך האב ניט קיין שיך פון דיינעט וועגין. (רייסט פון איהר אראפ דיא שיך — גיט זיא א שטופ) אט אזוי ביסטו ביי מיר ניט קראנק צו געהן, נא געה שוין אין דער ערד אריין. ריהר דיך! (נעהמט דיא שיך מיטן שאל. און געהט אוועק רעכטס)

---

## דריטעס בילד

---

### זיעבענטע סצענע

(שטעלט פאר א מארק און ווינטער צייט א קעגין — א שורה הילצערנע קלייטליך וויא מען פערקייפט ברויט, פלייש, קעז, פוטער א. ד. ג. פוןביידע זייטען רעכטס און לינקס זיצען ווייבער. נעבין יעדער עטליכע קוישליך מיט פערשיעדענע כחורות קארטאפליעס, ציבעלים, א. ד. ג. נעבין דיא קלייטען זעהט מען ארום דרעהן זיך אסך יודען מיט אלטע קליידער, אלטע שטיוויל א. ד. ג. איינינע

**קויפען, איינינע פארקויפען, איינינע מאכען א חילוף, — קלייטניקעס מיט דיא ווייבער זינגען)**

סוחרים. קויפט, קויפט קונים
קומט קומט אהער!
אמארק אזויגעם
איז צו קריגען שווער!
קויפט אויב איהר זענט נאר מבינים:
עסין, טרינקען אללע מינים
קויפט וויאס אייך גלוסט ⎫
האלב נאר אומזיסט ⎭ בים

---

סוחרים. פריש פינם וואסער, קארפ אונ שלייען.—
קונים. ניין מיר דארפין מעהל אונ קלייען! —
יודינעס. דאס קענט איהר נאר ביי אונז געפונין! —
קונים. א גערעכטי מאס האט נאר אין זינען! —
קאהר. קויפט, קויפט קונים... א' ז' ווי'

---

יודינעס. ציבעלים, קארטאפלים, קריפ אונ חריין! —
קונים. פאטלאזשאנעס ווילען מיר נאר זעהן! —
יודינעס. אט האט איהר פרישע א פאהר א דרייער! —
קונים. מיר קענען נים קויפען, ס'איז צו טייער! —
קאהר. קויפט, קויפט קונים... א. א. וו.

---

יונגליך. גוטע זייפען, בארשטען שוואמען! —
קונים. ניין מיר ווילען דארע פלאמען! —
יודינעס. ביי אונז ביי אונז געפינט איהר אלדינג דאס; —
קונים. ווייגט זשע אונז אפ, נאר א גוטע מאס! —
קאהר. קויפט, קויפט קונים... א' א' ווי'

---

## א קצב (זינגט)

פְרִישׁ צַאפִּילְדִיג, אוּנ צַאפִּילְדִיג, ־רֵיין אָפְּגֶעְרִיבְּעֶן
כָּשֵׁר מִיר אַזְא יָאהְר!
פוּן אַ שֶׁאפֶּעלֶע אִיז מִיר גֶעבְּלִיבֶּען
פִּיסִילִיךְ נָאר אַ פָּאר!...
אוי! פִּיסֶעלִיךְ לֶעבֶּעדִיגֶע, לֶעבֶּעדִיגֶע פִּיסֶעלִיךְ
הָאבִּין מִיר שׁוין גֶעזֶעהְן!...
מִיט רוֹיטֶע גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע שִׁיךְ אוּנ זֶעקֶעלִיךְ!
פוּן דִיא הַאלְטִין מִיר נִיט נֵיין! —
זַייא גֶעהֶמֶען צוּ גֶעלְד מִיט דֶעם וִוינְד
אוּנ טְרִיקִינֶען אוים דֶעם מֹחַ!...
אוּנ פוּן דִיא קוּמְט צוּ אַ שְׁטִיק גִיזִינְד
אוּנ קָאסְטֶען נָאךְ בִּילִינֶער אויךְ — .

---

פְרִישׁ, צַאפִּילְדִיג אוּנ צַאפֶּעלְדִיג, עֶרְשְׁט פוּן דֶעם מֶעסֶער!—
וָואהְלְט אַייךְ, וָואס אַייךְ גְלִיסְט:
פִּיפִּיקְלֶעךְ, לֶעבֶּערְלֶעךְ, אָדֶער נָאךְ בֶּעסֶער,
אַ פֶּעטֶע, אַ כָּשֶׁרֶע בְּרִיסְט!...
אוי! בְּרִיסְטִילֶעךְ לֶעבִּידִיגֶע, לֶעבִּידִיגֶע בְּרִיסְטִילֶעךְ
הָאבֶּען מִיר שׁוין גֶעזֶעהְן!...
צוּ פַארְשְׁטֶעלְט צוּ פַארְוִוִיקִילְט, צוּ נִיט בַּאהַאלְטֶען!
פוּן דִיא הַאלְטִין מִיר נִיט נֵיין!!—
זַייא גֶעהֶמֶען צוּ גֶעלְד מִיט דֶעם וִוינְד
אוּנ טְרִיקֶענֶען אוים דֶעם מֹחַ — .
אוּנ פוּן דִיא קוּמְט צוּ אַ שְׁטִיק גֶעזִינְד
אוּנ קָאסְטֶען נָאךְ בִּילִיגֶער אויךְ —:

---

פְּרִישׁ , צַאפִּילְדִיג אוּן צַאפֶּעלְדִיג , עֶרְשְׁט פוּן דֶער שְׁחִיטָה
דֶעם שׁוֹחֵטְס חֲתִימָה אוֹיף אִיהְר :
אַ טֶעלִיצֶע אַ יוּנְגֶע , אַ פֶעטֶע אַ גוּטֶע
הַאנְדֶעלְט מֶען נָאר בַּייא מִיר ! —
אוֹי ! טֶעלִיצֶעס לֶעבְּעדִיגֶע , לֶעבְּעדִיגֶע טֶעלִיצָעס
הָאבִּין מִיר שׁוֹין גֶעזֶעהְן !
וָאס לוֹיפֶען אַרוּם מִיט יוּנְגֶע בִּיקִילִיךְ !
פוּן דִיא הַאלְטִין מִיר נִיט גֵיין ! —
זֵייא גֶעהֶמֶען צוּ גֶעלְד מִיט דֶעם וִוינְד
אוּן טְרִיקֶענִין אוֹיס דֶעם מַח !
אוּן פוּן דִיא קוּמְט צוּ אַשְׁטִיק גֶעזִינְד
אוּן קָאסְט נָאךְ בִּילִּיגֶער אוֹיךְ ! —

---

(וועהרענד דער קצב האט אפ געזונגען, הייבען אלע אן צו שרייען, קויפט , קויפט יודען , קויפט ווייבליך)

(פון דעם עולם רוקט זיך ארויס א קליין יונגעלע , ארום געבונדען ארום האלדז א קוישיל מיט באבקעלעך איבער נעדעקט מיט איין אלט לאווינד — ער זינגט)

הֵייסֶע בַּאבְּקֶעלֶעךְ יוּדֶעלֶעךְ הֵיים !

---

נִישְׁטָא אֵיין מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט
וָאס לֶעבְּט אָפּ זַיינֶע יָאהְרִין ,
מִיטִין ווינְד צוּ פֶערְדִינֶען דָאס בִּיסֶעלֶע גֶעלְד —
אַ מְלָאכָה אִיז אַ חִסָרוֹן ! —
עֶר פוּילְט זִיךְ צוּ פֶערְדִינֶען וָואס עֶר עֶסְט ,
הָארֶעוֶוען אִיז פַאר אִיהְם אַ בּוּשָׁה ! —
עֶר קוּקְט נָאר אַ־וִים צוּ עֶסִין קֶעסְט . . .
אוּן צוּ דֶערְטַאפִּין אַ פֶעטֶע יְרוּשָׁה !

קראנק איז ער, וויא איך אויך
אזוי צו הארעווען מיט דעם שוויים!
אונ צו שרייען אין דער הויך
הייסע באבקעלעך, יודעלעך, היים! —

---

דארט ריקט זיך אויף דער נאם אונ ווערט ניט מיעד
א גאנץ שטיק עולם הבא!...
דאס איז איין אייניקיל פון א גוטען יוד,
אונ ביא דער זייט זיין נבאי!...
מען גיט איהם א נדבה, ער זאגט ס'איז קליין,
אונ שעלט איך אן מיט טויזענד רוחות,
וויל זיין זיידע איז דער קאדניער געוועהן
דער פאר איז ער אזא מיוחס'
קראנק איז ער וויא איך אויך
אזוי צו הארעווען מיט דעם שוויים!
אונ צו שרייען אין דער הויך
הייסע באבקעלעך, יודעלעך, היים! —

---

דארט שפאצירט א שאלטיק אויף דער נאם!
לערנין קען ער גאר ניט!
ער געהט ארום גאר פיט אונ פאס!
אונ טיהט אלסדינג וואס מען טאהר ניט!...
ער צו ליינט זיך אין טעהאטער וויא א גראף!...
אז ער האט קיין קאפיקע, קען איך איך שווערין — •
אונ האט נאך העזה, אם דער קאַאף,
אוים צו פייפען דיא בידנע אקטערין!
קראנק איז ער וויא איך אויך
אזוי צו הארעווען מיט דעם שוויים,
אונ צו שרייען אין דער הויך
הייסע באבקעלעך יודעלעך, היים! —

---

# אכטע סצענע

(האצמיך קימט ארויף אויפ'ן מארק)

האצמיך. (הייבט אן צו שרייען נאך פון אונטער דיא קוליסען) צעלניק! צעלניק! גלעזערנע זאקען בענדליך, גומילאסטיקנע ברילען, מעטאלענע הויזענטראגע־לעדערנע שפילקעס, בשר'ע זייפען, טרייפה'נע בייטעלעך, פארעווע מעסערליך, רויטע קאנווערט־ן, ווייסען טריפוואקס, קאמליך בארשטליך, קנעפליך, זאפינקעס, קויפט וואלוויל, בנאמנות איך זאג אייך אן לצנות, ווער עס וועט...

מידילי. האצמיך, ענגלישע נאדלין האט איהר?

האצמיך. נאך וואס פאר ענגלישע, זייא רעדין גיט אפילו איין ווארט פראנצייזיש, נאר וויא פיעל דארפסטו עס מידילי?

מידילי. א גראסס נאדלין —

האצמיך. א גראכס? א גראס וועל איך דיר פאר קויפין פאר וועלוועליר (ער לייגט אנידער דאס פעקיל, און בינט עס אויף)

מידילי. וויא טהייער קאסט בייא אייך א גראסס נאדלין?

האצמיך. גישט טהייער 30 קאפיקעס

מידילי. 30 קאפיקעס? צו טהייער?

האצמיך. איך זאל אזוי דערלעבין אהיים צו קומען צו מיין ווייב מיט אסך קינדערליך וויא עס קאסט מיך אליין טהייערער נאר וויל לכבוד שבת גיב איך זייא דיר אוועק פאר וועלוועליר.

מידילי. ס'איז צו טהייער, איך וועל אייך נאר געבין 20 קאפיקעס.

האצמיך. אזא קליין מידילי, און האט שוין אזוי גרויס שכל צו דינגען זיך. ניי דער פאר וועל איך דיר לאזין פאר 25 קאפיקעס און שטרעק אויס דיין הענטעלע און לאמיך דיר אפצעהלין (ער נעהמט ארויס פון א פידעלע נאדלין און צעהלט איהר אריין אין דער האנד אריין) 1 — 2 — 3 — 4 — 5 — 6 — ... זאג מיר נאר מיידעלע, וויא פיעל ביסטו עס אזוי אין גאנצען אלט וואס דוא קאנסט זיך שוין אזוי גוט דינגען?

מידילי. איך בין אלט 13 יאהר.

האצמיך. אזוי? 13—13? הער א מעשה 13, 14, 15, 16, 17, 18, 19, 20... און וויא פיעל קאן אלט זיין דיין טאטי זאל לעבין, מיינסט איך קאן איהם ניט. דעם רויטין גנב, וויא פיעל איז ער שוין אלט?

מידילי. מיין טאטי איז אלט א יאהר 35

האצמיך. וויא געפעלט זיא אייך, איך בעט אייך, איהרע יאהרין האט זיא נאר

לייקינט, אונ דעם טאטינס יאהרין וויל זיא אויך פאר לייקענען - דער [illegible] איהרער זאגט זיא איז אלט א יאהר 30, גישקשה וועסט מיך ניט אפ נארין איך וייס אז דיין מאמע איז שוין אלט אוודאי איהאר 40. הערסט? [illegible] 41, 42, 43, 44, 45, 46, 47, 48, 49, 50, אט קוקסטו מיך אן מיידילי, וויא פיעל מיינסטו אשטייגער זאלט איך אלט זיין אזוי וויא [illegible] זעהסט מיך מיטין קלייגעם בארדילע, הא?

מיידילי. איך וייס, אפשר 40 יאהר.

האצמיך. (צו לאכט זיך) 40 זאגט זיא, איך בין שוין אזוי פאוואליע קרוב צו 60 יאה יאה, 61, 62, 63, 64, 65, 66, 67, 68, 69, 70 [illegible] 71, 72, 73, (מיט אויפיץ) אוי, אוי, אוי! הלוואי וואלטין מיר ביידע געלעבט אזוי פיעל וויא פיעל מיין זיידע האט געלעבט איך האב געהאט א זיידען [illegible] האט ער געלעבט 125 יאהר! יאה, יאה 125, 126, 127 ..... (ער צעהלט איהר אפ ביז 144) אה, זעהסטו מיידעלע! אט איז נאך איבער געבליבען 5 נאדלין, נא דיר זייא אוועק, איך וועל דיר פאר זייא קיין געלד ניט רעכענען, עהרליך? נא גיב אהער געלד, אונ געה גיך אהיים אונ [illegible] זעה זאלסט ניט פערלירען, ווארום דיין מאמע קען נאך זאגין אז איך האב דיר ניט עהרליך אפ געציילט, (זיא גיט איהם געלד, אונ געהט אוועק)

האצמיך. נא קויפט זשע בנאמנות איך זאג אייך אן לצנות ווער עס וועט [illegible] טהייער, זאל ברענין אין פייער, גלעזערנע זאקען בענדליך, שטאלענע...

א יוד. (צו האצמיכן) לאווינד האסטו? האצמיך!

האצמיך. נאך וואס פאר אלאווינד, איהר מעגט אייך ווינשען אזא יאהר וואס פאר א לאווינד איך האב.

יוד. א נוא לאמיך זיא נאר אן קוקען? —

האצמיך. אט אה, איהר זעהט? (ער האלט דיא לאווינד אין זיינע הענט, דרייבט זיא אלע מאהל דורך, אונ קעהרט זיא איבער, אונ וויא דער יוד וויל נאר נעהמען אין דער האנד אריין דיא לאווינד צו בעטראכטין, לאזט ער ניט אב טהיט נאך אמאהל דאס זעלבע) וואס פרעגסטו שאלות? — צו דאס איז א גוטע לאווינד, גיזקשה איהר מעגט אייך ווינשען אזוי לאנג צו לעבען וויא פיעל דיא לאווינד קען געדויערין!

יוד. וואס זשע לאסטו מיך ניט אנקוקען זיא? —

האצמיך. אז איהר דארפט גאר ניט קוקען, הייכט אייך אפ מעכטין אונ שוין!

יוד. וויא טהייער זשע לייזטו דעם ארשין?

האצמיך. וייס איך? — וואס דארף מען זיך דינגען. מיר ניט, דיר ניט, הייסט א שניידין! —

[illegible]. [illegible]יין , אזוי קויף איך ניט . זאג מיר וויא טהייער לייזטו דעם ארשין ?

האצמיך. ארענדיל ארויף , ארענדיל אראפ. עס וועט אויך קאסטין מיין בלוט א פערטעלע דער ארשין —.

[illegible]. [illegible]אס רעדסטו האצמיך ? א פערטעלע דער ארשין אזא פראסטע לאווינד ? —

האצמיך. איך זאל אזוי דערלעבין אהיים צו געהן צו מיין ווייב מיט אסך קינדערליך דער רוח זאל מיך נעהמען , וויא עס קאסט מיך אליין טהייער , איהר ווייסט דען אט א פנים פון וואנען דיא לאווינד שטאמט ארויס ? — אויב איהר האט געהערט פון דיא 2 גרויסע פאבריקאנטען : שאחרייא עט שווינדעלזאהן? דאס איז זייער לאווינד , פערשטעהט איהר שוין ? איהר מעגט מיר גלייבען ווען כ׳איז ניט ערב שבת וואלט איך זיא אייך ניט אוועק געגעבען אפילו פאר 40 קאפיקעס , —

[illegible]. ניין , ניין , האצמיך אזוי טהייער קען איך דיר ניט צאהלין , אויב דוא ווילכט 15 קאפ׳ איין ארשין מעגסטו מיר אפ מעסטען —

האצמיך. וויא פיעל דארפט איהר עס ארשין ?

[illegible]. איך דארף האבען א 30 ארשין

האצמיך. ניט מעהר וויא 30 ארשין ? נא אונ אז עס וועט איבער בלייבען עטליכע ארשין וועט איהר זיא דאך אויך מן הסתם צו נעהמען , חלעבין ס׳קומט צונוטץ אין אשטוב : דאס העמדעלע דעם קינד צו פאר רעכטין , א פאר הויזען אונטערנייען א שווארצין סורטאק פארלאטען .— הערט זשע אוים , אזוי וויא ס׳איז שוין שפעט , אונ איך דארף נאך היינט געהן לכבוד שבת אין מרחץ אריין וויל איך מיך מיט אייך קיין סאך ניט דינגען אונ וועל אייך אפ שניידין צו 20 ק׳פ. איין ארשין אונ איהר דארפט גאר ניט ריידין , (ער נעהמט דעם ארשין אונ וויל אנהייבען צו מעסטין) .

[illegible]. האסטו נאר א ריכטיגען ארשין ? האצמיך

האצמיך. א שאלה אביסיל אשפאגיל נייער פון דער קלייט ערשט ניט לאנג האב איך איהם פארעכט (ער מעסט דיא לאווינד אונ צעהלט) 1 , 2 , 3 , 4 , 5 , 6 , 7 , 8 , אוי איז דאס א ביטיר שטיקיל ברויט , אט אזוי זעהט איהר , פלאג איך מיך שוין אין דעם איאהר 14 אבער 15 , 15 , 16 , 17 , 18 , 19 , 20 , 21 , 22 , 23 , 24 , 25 , 26 , הייגט א חוץ דעם לאזט אונז פשוט דיא רומע ניט לעבין , ערשט איירעגעכטין האב איך געמוזט אין דער רומע באצאהלען פאר א בילעטיל 18 רוביל מיט 36 — 37 , 38 , 39 ,, 40 — אה איהר זעהט וויא פיעל ס׳איז דא 40 ארשין מיט א האלבין , נאר פאר דעם האלבין רעכין איך אייך ניט — ארע[illegible]ליך ?

[illegible]. נא . נא . לייג צונאויף אונ בארעכין וויא פיעל [illegible] קומט דיר .

**האצמיך.** וואס איז דען, דא אזוי פיעל צו רעכענען? ס'איז דאך א פשוטער חשבון — פאר 40 ארשין מיט א האלבען קומט מיר 8 קערבליך, ביז 10 קאפ... אזוי וויא דעם האלבען ארשין רעכען איך אייך ניט, קומט מיר 9 קערבליך אהן א גילדען — גאט אייך דיא לאווינד אונ גיט מיר גיכער געלד ווייל איך דארף באלד אוועק געהן.

**יוד.** (באצאהלט איהם, נעהמט דיא לאווינד און דיא הענד אריין) וואס איז ... האצמיך? וואס איז זיא עפעס אזוי גרינג דיא לאווינד?

**האצמיך.** הערסטו, אט דאס איז דאך מאקע א סימן פון גוטער לאווינד, נא געזונטערהייד, איהר זאלט עם דער לעבען און גיכען צו צו רייסען אב. ויברח משה, האצמיך שטעל פיס, (ער געהט אוועק)

# נייינטע סצענע

(מירעלע קומט ארויף אויפין מארק, געהט צו צון א קצב)

**מירעלע.** גיט מיר א גוטע אקע פליישׁ, (דער קצב וועגט איהר אפ — זיא האפט זיך צו דער קעשעניע ארוים צו נעהמען געלד און געפינט עס ניט, ברעכט דיא הענט זוכט איבער דער סצענע באלד דא באלד דארט, הייבט אן צו וויינען.

**קצב.** וואס זוכט איהר מאכ'זעל?

**מירעלע.** אוי פינצטער איז מיר! נאך דאס האט מיר געפעהלט ווייסט איהר דיא שטיעף מאמע האט מיר מיט געגעבען געלד אין מארק אריין אויף פלייש צו קויפען, האט דאס עמיצער ביא מיר ארויס געגאנבעט, וואס טהוט מען יודישע קינדער! וואס פאר איין עצה גיט מען זיך? (וויינט שטארקער — עס זאמלין זיך ארום איהר ארום איין עולם מיט מענשען, וועלכע בעטראכטען זיא פערוואונדערט) וועה איז מיר, אקלאג איז מיר, איך ווינש מיר גיכער דעם טויט איידער אהיים צו קומען צו דער שטיעף מאמע אן געלד און אן פלייש. יודען בני רחמנים, גיט מיר איין עצה! (זינגט)

אוי איהר יודען בני רחמנים!
א גוט הארץ איז דא ביא אייך! —
ביא אייך איז דא גענוג דינ'ם,
פסקעט מיר אויב דאס איז גלייך?
פאר וואס לאזט מען געוועלטיגען דארט איינ'ער.....

און אויף אַ יְתוֹמָה קוּקְט זִיךְ נִיט אוּם קֵיינֶער ?
אוי אִיהְר יוּדֶען בְּנֵי רַחֲמָנִים
אַ גוּט הַארְץ אִיז דָא בַּייא אַייךְ! —

קאהר. וֶוער אִיז דָאס קִינְד ?
פֶערְבְּלָאנְדְזִיט גֶעווים!
עָס בֶּעט הִילְף אַצוּנְד
וֶוער וֵוייסְט וֶוער זִיא אִיז ? —

מירעלע. אוי אִיהְר־יוּדֶען בְּנֵי רַחֲמָנִים!
אַ גוּט הַארְץ אִיז דָא בַּייא אַייךְ! —
קוּקְט אַייךְ צוּ צוּ דִיא סִימָנִים....
אִיךְ הָאבּ זֵייא אַ סַךְ, אַ סַךְ
דָאס אִיז נִיט פוּן קֵיין חַיָה צוּ רִיסִין,
פוּן אַ מֶענְשׁ — אַ פְרוֹיא אִיז דָאס צוּ בִּיסִין!....
אוי אִיהְר יוּדֶען בְּנֵי רַחֲמָנִים
אַ גוּט הַארְץ אִיז דָא בַּייא אַייךְ! —

קאהר. וֶוער אִיז דָאס קִינְד .... א' ז' וו'

מירעל. אוי אִיהְר יוּדֶען בְּנֵי רַחֲמָנִים,
אַ גוּט הַארְץ אִיז דָא בַּייא אַייךְ! —
נֶעהְמְט מִיךְ צוּ אַיךְ פַאל אוֹיפְן פָּנִים.
נִיט מִיר עֶרְגֶיץ אוֹיךְ אַ דַאךְ!...
צוּ גֶעהֶן אַהֵיים זָאלְט אִיהְר מִיךְ נִיט בֶּעטֶען
דֶער רוֹצֵחַ וַוארְט מִיךְ דָארְט צוּ טֵייטִין...
אוי אִיהְר יוּדֶען בְּנֵי רַחֲמָנִים
אַ גוּט הַארְץ אִיז דָא בַּייא אַייךְ! —

קאהר. וֶוער אִיז דָאס קִינְד .... א' א' וו'

# צעהנטע סצענע

(וועהרענד זיא זינגט דעם לעצטען סטראָף קומט ארויף דיא באבע יאחנע , געהט צו צו מירעלען און בעטראַכט זיא:)

באבע יאחנע. וואס וויינסטו מיידעלע ?

מירעלע. גאָר ניט !

ב. יאחנע. וועהמעס ביסטו ? ביסט אַ היגע צו נײַן ?– וויא הייסטו ?...

מירעלע. איך הייס מירעל.

ב. יאחנע. וואסזשע זיצטו דאָ און וויינסט ? האָסט דאָ עלטערין ?

מירעל. ניין . מיין טאַטען האָט מען פאַרשיקט פאַר אַ בלבול , און קיין מאַמע האָב איך ניט זיא איז געשטאָרבען .

ב. יאחנע. וויא אַזוי האָט דיין מאַמע געהייסען.

מירעלע. שפרה דיא נגידות'טע' האָט מען זיא גערופען ׃

ב. יאחנע. וועהר ? שפרה ר' יוחנן'ם טאָכטער ? דער שטעטישער רב איז געוועהן דיין זיידע ?

מירעלע. יאָה !

ב. יאחנע. וועה איז מיר ! און דוא ביסט איהר קינד ? וועה איז דיין מזמן ! — (דאס לעצטע ווארט ציהט זיא אוים מיט אניגען) וואס זשע טהוסטו דאָ , אַזוי נאַקעט און פערוויינט ? —

מירעלע. וואס אַ מומע זענט איהר מיר ?

ב. יאחנע. וואס הייסט מירעלע , דיא מאַמע דיינע האָט דיר גאָר קיינמאָהל ניט דערצעהלט ? שטייטש דיין מאַמע עליה השלום , מיט מיין טאַטען עליו השלום זענין דאָך געוועהן לייבליבע געשוועסטער קינדער ! פינסטער איז מיר ! וואס איז מיט דיר אַזוינס געוואָרען מירעלע ? וואס טהוט דער טאַטע אַברהמצי ? —

מירעלע. איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט אַז דעם טאַטען האָט מען פערשיקט פאַר אַ בלבול . —

ב. יאחנע. נאַ , נאַ !

מירעלע. נאָ און איך בין געבליבען ביא אַ שטיעפמאַמע — זיא שלאָגט מיך , הרגעט מיך , מוטשעט מיך ביז צום טויט ! איצט האָט זיא מיר מיט געגעבען געלד אין מאַרק אַריין אויף איינצוקויפען , האָט מען עס ביא מיר געגנבעט , האָב איך מורא אהיים צו געהן , דיא שטיעפמאַמע וועט מיך דערהרגענען ! (וויינט) .

ב. יאחנע. וואס פאַר אַ שטיעפמאַמע ? וועה איז מיר ! אַברהמצי האָט אויך ניט געהאט וואס צו טהון נאָר חתונה האָבען אויף דער עלטער —. כינקעטער איז

מיר ! אַזוי נאַקעט , זוא קֶענְסְט דָאךְ נָאךְ אַזוי פֶערְפְרִוירֶען וֶוערִין אָן אַ שַׁאלֶעבֶען — קוק. אָן , אָן שִׁיךְ אויךְ ? אוּנ וֶועה אִיז דַיין מוּמֶען ! (נעהמט ארויס פון אונטעריך שאל אפאר אלטע שקראבעס . גיט זייא מירעלען אן צו טהון) נָא , טְהוּא אָן דֶערְוַוייל דִיא שְׁקְרַאבֶּעס . וָואס אִיךְ האב זַייא טַאקֶע עֶרְשְׁט דָא אויפְ'ן מַארְק גֶעקויפְט , אוּנ קוּם צוּ מִיר אַהֵיים !... וֶועסְט זִיךְ בַּייא מִיר אַבִּיסֶעלֶע דֶערְוַוארֶעמֶען . דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ אָפְפִיהֶרֶען אַהֵיים , אוּנ אִיךְ וֶועל מִיךְ שׁוֹין מִיט דֶער כַּלְבְּ'טֶע , מִיט דֶער שְׁטִיעפְמַאמֶען דַיינֶער גוּט אָפְּרֶעכֶענְעָן . (נעהמט אראפ פון זיך דעם שאל אונ גיט איהר) נַא טוּה אָן דֶעם שַׁאל , זָאלְסְט דֶערְוַוייל נִיט דֶערְפְרִוירֶען וֶוערִין . אוּנ קוּם שׁוֹין מִיט מִיר אַהֵיים , אוּנ וֶועה אִיז דַיין מוּמֶען ! (זייא געהן ביידע אוועק) .

**עולם.** קוֹיפְט קוֹיפְט קוֹנִים !... א. א. וו.

(אין מיטטען געזאנג הייבט אן צו שיטען א..נייא — טהייל הייבען אן צוא לויפען הין אונ הער איבער'ן מא..רק זיך צוא דער ווארעמען , אונ וועהרענד זיא זינגען אויס ביז אין לעצטען פערז לאזט זיך דער פארהאנג שנעלל אראפ)

---

# דריטער אקט

---

## ערשטע סצענע

---

### פירטעס בילד

(שטעלט פאר דאס פריערדיקע איינפאכע צימער בתיה'ס , וועהרענד דער פארהאנג הייבט זיך אויף , שטעהט בתיה מיט אליקום'ן אונ ריידע).

**בתיה.** וָואס זָשֶׁע זָאגְט אִיהְר פֶעטֶער אֶלְיָקוּם ! אִיז שׁוֹין פַארְטִיג ?

**אליקום.** יָאה בַּתְיָה , אַלֶע הֲתִימוֹת זֶענֶען שׁוֹין פַארְטִיג , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֲפִילוּ דִיא פַּאפִּירֶען אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַז דוּא בִּיסְט דֶער גַאנְצֶער עֶפִּיטְרָאפּ (אפיקאן) אִיבֶּערִין גֶעלְד . אוּנ דָאס הוֹיז אִיז שׁוֹין אויךְ פֶערְשְׁרִיבֶּען אויף דַיין נָאהמֶען . אַצוּנְד זֶענֶען מִיר שׁוֹין פַארְטִיג .

**בתיה.** אִיךְ מֵיין . אַז עֶס וָואלְט גְלַייכֶער גֶעוֶועהן , אַז מִיר זָאלֶען אַלְדִינְג פֶערְקוֹיפֶען אוּנ אַוֶועק פָאהרֶען פוּן דַאנֶען ; וַוייל טָאמֶער וֶועט מֶען דֶערְפוּן גֶעווִיר וֶוערִין זֶענֶען מִיר אַלֶע פֶערְלוֹירֶען ! —

**אליקום.** פַאר דֶער פַאר הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִיט , לָאמִיר נָאר דֶעם שָׂטָן פָּטוּר וֶוערִין —

עס הייסט מירעלען , וועט שוין אלעדינג רעכט זיין . =

בתיה. וואס טהוט זיא . וואו איז זיא ?

אליקום. אה , איך האב זיא שוין גוט בעזארגט : זיא איז יעצט ביא דער באבע יאחנע פערשלאסען אין א בעזונדער צימער . זיא ווערט גוט בעוואכט , אזוי אז קיין פויגעל וועט צו איהר ניט צו קומען . אונ איך וועל שוין זעהן דא אפ צו זוכען איינעם פון מיינע בעקאנטע .סטאמבלער״ אונ וועל זיא איהם פערקויפען אונ דעמאלט אז מיר וועלען זיא פטרין , דעמאלט , וועט שוין אלעס רעכט זיין.

(אין דעם מאמענט הערט מען קלאפען פון דער לינקער זייט)

בתיה. געה נאר זעה אליקום , ווער געהט עס דארט ?

אליקום. (געהט צו , צו דער טהיר , קוקט זיך איין . קעהרט זיך באלד אום אויף דיא שפיץ פינגער , ראהמט איין שטיל) בתיה ! מארקום געהט ! —

בתיה. (דערשראקען) מארקום ? . . .

אליקום. ש...ש..ש... זייא נאר ניט אזוי איבערראשט דיא ווייס נאר ווי דיין ראלע צוא שפיעלען . איך מוז אוועק געהן (ער געהט אוועק רעכטס) .

# צווייטע סצענע

(בתיה עפענט אויף דיא טהיר — מארקום קומט אריין)

בתיה. (מיט א פערשטעלטען שמייכעל) הא , מארקום ! וואס טהוסטו עפעס מארקום ? וואס הערט זיך עפעס ?

מארקום. (טהוט אויס דעם הוט , לייגט איהם אוועק אויפ׳ן טיש) וואס זאל זיך הערין דערווייל הערט זיך ניט גוט ; נאר איך האף , אז איך וועל מיט גאט׳ס הילף אויסווירקען דעם מחותן צו בעפרייען . ניישקשה בתיה , איך מעג מיר ווינשען מיין אייגענס צו האבען וואס ס׳האט שוין געקאסט אונ וואס ס׳וועט נאך ערשט קאסטען .

בתיה. וואס דען מיינסטו ; מ׳דארף ניט שלאפען אין דער זאך . מיילא עס איז קיין תירוץ , מיר וועלען אלעס פערקויפען פון זיך אפילו ביז צום לעצטען העמד אבי איהם צו ראטעווען . נאר דאס איז שוין אונזער זאך ; דוא האסט זיך שוין גאר ניט וואס אזוי אוועק צו לייגען . ווייל ליידער , קעהרסטו זיך מיט אונז שוין מעהר ניט אן !

מארקום. (בלייבט שטעהן איניגע סעקונדען פערוואונדערט . אונ בעטראכט זיא) וואס האט איהר עפעס געזאגט ? — איך קעהר מיך ניט אן מיט אייך ? — וואס מיינט איהר מיט דעם ? (קוקט זיך ארום אין אלע זייטען) וויא איז מירעלע ? וואס הייסט עס ?

**בתיה.** (לאזט אראפ דיא אויגען – גלייך וויא זיא קען איהם ניט קוקען אין פנים) וואס הייסט? וואס זאל הייסען? א דאס הייסט! ברייגג זיך אוים אויף א קינד אונ לייג אוועק דאס געזונד, אונ זיא – נא, נא!

**מארקוס.** (איבעראשט) וועה איז מיר? זאגט מיר שוין ארוים. וואס איז דא געשעהן? – וואס איז פאר א „נא״ –

**בתיה.** (וויא מיט א רחמנות – פנים) פרעג גאר ניט, עס איז רעכט! מיר האבען שוין דא אונזערס גענוג געהאט, איך בין שוין קראנק געווארען פאר צרות.

**מארקוס.** געוואלד! ענטפערט מיר, וויא איז מירעלע? וואס איז דא געשעהן? איז חלילה ניט געשטארבען? וועה איז מיר!

**בתיה.** נאך ערגער וויא געשטארבען, דאס וואלט מיך שוין דווקא ניט געארט; מיילא א מענש שטארבט איז נאך גיט קיין גרויס אומגליק; דא האט זיך אבער געטראפען אזא-נ-אומגליק וואס!... טא!... וואלט איך געוועהן תאטש איין איינענע מאמע, וואלט מיך שוין ניט אזוי געארט, אויף מיין אומגליק דארף איך זיין א שטיעף מאמע וואס וועט דיא וועלט זאגען? אז איך בין שולדיג, איך האב זיא ניט אפגעהיט, אדער כ׳איז איהר חלילה געוועהן שלעכט ביי מיר, אונ דעם אמת ווייסט ו דאך וויא איך האב זיא אפגעהיט, נאך בעסער וויא מיין אייגען קינד – נא, העלפט עפעס דאס היטען? אז סע דארף זיין שלעכט איז דאס שלעכט!

**מארקוס.** (אונגעדולדיג) גוואלד! נעהמט מיר ניט ארוים מיינע כוחות! זאגט מיר שוין וואס איז דא געשעהן? אום גאטטעס ווילען!

**בתיה.** וואס זאל זיין? דוא וועסט זיך עס אפילו גאר ניט גלייבען אז זיא זאל אנטלויפען מיט א ליעבהאבער!... אי־אה, „גיין״?

**מארקוס.** (אויסער זיך) הא? וואס רעדט איהר??...

**בתיה.** (קאלטבלוטיג) א דאס וואס דוא הערסט! – אט אזוי, פלוצלונג פון דער העלער הויט איז זיא אויסגעטריקענט געווארען, איך קוק אן, רבש״ע! וואס איז דאס? מירעלע זאל אוועק געהן אין מארק אריין זיך עפעס איינקויפען האט זיא מיר געזאגט, אונ קומט גאר ניט א היים נעכטיגען – אויף אין דער פריא האב איך באלד צושיקט שלוחים אין אלע גאסען, ביז מ׳האט מיר געבראכט א ידיעה, אז מ׳האט זיא געזעהן אוועקפאהרען מיט א שרייבער פון דער פרימאריע (דומע), מיר דאכט אז דוא דארפסט איהם אויך קענען, אט דער וואס פלעגט אפט צו אונז אריין קומען.

**מארקוס.** (וויא פערטומעלט) וואס הייסט דאס? איך פארשטעה גאר ניט, באמנות וואס איהר רעדט צו מיר, מירעלע זאל דאס טהון? עפעס קלייד זיך עס מיר ניט אין קאפ – (פויזע) איך זאג אייך דעם אמת אז איך בין דולל!

**בתיה.** דוא זאגסט עס דולל, איך זאג דיר או מיר געהן אלע ארום אין שטוב וויא צודוללטע. פון דער נאכט אן, זייט זיא איז אויסגעטריקענט געוואָרען. האב איך דען איין אויג צו געמאכט? איך זאג דיר וויא איך בין א יודעשע טאכטער אז ס'איז מיט נסים וואס דער מוח קעהרט זיך מיר ניט איבער אלץ טראכטענדיק אונ קלערענדיג איך לעב שוין ניט פון דעמאלט אן, איך עס ניט, איך טרינק ניט! נאך דאס האט אונז געפעהלט צוא אונזער אומגליק!

**מארקום.** (הערט גאר ניט וואס זיא רעדט, שטעהט דיא גאנצע צייט פארטראכט) אך! — וואס פאר עצה גיט מען זיך? אויף אזוי איין אומגליק האב איך זיך גאר ניט גערעכט! —

**בתיה.** וואס פאר איין עצה מען גיט זיך? איך זאג, אז זיא האט אונז געקאנט אזוי אפטהון זאל מען אין איהר גאר פארגעסען — לאמיר בעסער זעהן דעם אומ-שולדיקען צו ראטעווען, קום אריין דערווייל אין אנדערין צימער, רוה דיך אויס ביסל דאך ערשט פונ'ם וועג...

**מארקום.** (שלאגט איהר איבער) וואס רוהען? איך וועל דען קענען אצונד איינרוהען? גוואלד וואס טהוט מען? וואס טהוט מען?

**בתיה.** וואס זאל מען טהון? אוודאי איז דאס ניט שעהן, מיך האט זיא גאר צום איבריגען דערהרגעט! איך האב שוין קיין כוח ניט ארום צושלעפען זיך אויף דיא פיס, איך געה ארום פשוט וויא א צודולטע! נאר יעצט איז דאך שוין באלד נאכט, וואס קענסטו יעצט מאכען, רוה דיך אויס, שלאף דיך אויס, אונ מארגען וועלען מיר שוין זעהן וואס מיר האבען צו טהון; דערווייל קום אריין, נעהם עפעס אין מויל אריין, ביזט דאך אוודאי הונגעריג, אט וועל איך געהן דיר צו גרייטען עפעס עסען וועסטו אריין קומען באלד? (זיא געהט אוועק רעכטס).

# דריטע סצענע

**מארקום.** אלליין, בלייבט שטעהן פערטראכט — קוקט איהר נאך ביז וויא זיא געהט אוועק, ענדליך גיט ער מיט א מאהל א געשרייא) יא־ניין, איך געה ניט! מיר איז יעצט ניט אין זינען ניט צו עסען, ניט צו טרינקען, ניט צולעבען אפילו! (עטוואס געלאסענער) וויא הין געהט מען? עפעס קריכט עס מיר גאר ניט אין קאפ אריין, אז מירעלע זאל אזא זאך טהון, ווער ווייסט וואס דא האט געמוזט פארגעהן? (פויזע) וועהמען פרעגט מען איין עצה? ווער קען מיר דאס רעטעניש ערקלערען? (נאברענקענד) — זאל איך?... איך האב אפילו קיינמאל אין דרינען ניט געגלייבט... נאר ביי אזא אומגליק, שיינט מיר. מוז מען אפילו נאך אין גרעסערע נארישקייטען אויך גלויבען (שטעהט איניגע סעקונדען

פארטראכט, נאכהער מיט ענטשלאסענהייט שרייט ער) יאה! אזוי מוז עס זיין! איך בין א בעלן אפצו זוכען אצונד א קארטענוואַרפערען, צו א כישוף־מאכערען, זיא זאל מיר טרעפען וויא זיא איז. חאטשע איך האב קיינמאהל מאקע אין דרינען ניט געגלייבט, נאר יעצט מוז איך דאס פריוען. — יאה, געפונען מוז איך זיא! וועןדאס זאל מיר אפילו מיין לעבען קאסטען! (ער לאזט זיך געהן לינקס ארויס, בלייבט פלוצים שטעהן. ווענדעט זיך צו דעם צימער וויהין בתיה איז אריינגעגאנגען, אונ רעט מיט כעס) אה דוא שלעכטע פרויא מיין ניט אז דוא האסט מיך גענארט מיט דיינע גוטע ריידעלעך. מיט דעם וואס דוא האסט מיך פארזיכערט אז דוא האסט אויך גרויסע יסורים דערפון, אה! איך קען דיך. אונ פערשטעה דיך גאנץ גוט! איך בין גאנץ זיכער, אז ניט אן דיין וויסען איז דאס געשעהן. איך ברענג יעצט אוים מיין פערמעגען, מיין לעבען, און מוז זיא געפינען, איך געה —... איך געה צו נא א כישופמאכערען! —

(לויפט שנעל ארוים לינקס)

---

## פערטע סצענע

---

### פינפטעם ביילד

(דאם צימער ענדערט זיך — עס שטעלט פאר דאס געהיימע צימער פון דער כישופמאכערען; א גרויסע טינקעלע ארקע, אויף דער מיט פון דער ארקע הייננט א קראקאדיל — רעכט'ס פון דער ארקע טרעפלעך וואס פיהרען ארויף צוא א כעקרעטנע טהיר! — לינקס א געוועהנליך קליין טהירעל —. אויף א ברייטען טיש ליגען א סך צוואנגען מיט מעסערם — קארטען ליגען צוא ווארפען אויף דעם טיש אין ווינקעלע שטעהט א פאמעלע, אונ עס הייננט א גרויסע זיפ — פערשיעדענע ארצענייא שטעהן אין א שאפקעלע; ביכער, שטיינער, קארעניעס פון ביימער, קוילען, ליגען אנגעלייגט —. אונטער דעם טיש — פון ביידע זייטען דער ארקע, שטעהן 2 סטאטאיען אין געשטאלט פון טייפלען. אין דער טיעף פון דער ארקע זעהט מען ארוים נאך א צימער, אין דער מיט שטעהט א צויבער-שפיגעל; אונטער איהם ברענט א פייער, א גרויסער קעסעל שטעהט אונ קאכט זיך; ארום דעם קעסעל שטעהן אונ זיטצען מיידליך אין רויטע-דעקאלטירטע-קליידלעך, צופלאסען דיא האר, זייא האלטען בלעכענע קעסעלעך אין דיא לינקע הענדט, אונ אין דיא רעכטע — לאנגע ציגערנע לעפעל, זייא שעפען אן

אלע מינוט פון דעם גרויסען קעסעל און מישען, און קלאפען אין דיא קליינע קעסעליך בייא זייא אין דיא הענדט, וועהרענד זייא טהון דיא ארבייט, זינגען זייא)

גִיבֶער, גִיבֶער,
ווִיא אַ ווִיבֶער,
גֶעהְט דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶער הַאנְד! —
שְׁנֶעללֶער טְהוּט עֶס,
קָאכְט עֶס, זִיד עֶס,
פַארְטִיג מוּז עֶס ווֶערֶען הַיינְט.
מִישְׁט דֶעם כִּישׁוּף אוֹיךְ אַרַיין! ⎫
שְׁנֶעללֶער מוּז עֶס פֶערְטִיג זַיין! —⎭ בִּים

(זייא זינגען עס עטליכע מאהל איבער ביז —)

# פינפטע סצענע

(האצמיך קלאפט אן אין דער טהיר לינקס)

(איינע פון דיא מיידליך לויפט צו צום טהיריל) ווָער קְלַאפְּט עֶס דָארְט?

האצמיך. (פון דרויסען) אַווַדְאַי הָאצְמִיךְ! קוּקְט מִיךְ אָן און קָאכְט ווֶעטְשֶׁערֶע, ד׳ ר. ז. מ. נ.! דִיא בַּאבֶּע יַאכְנָע אִיז דָא אִין דֶער הֵיים?

מיידיל. נֵיין, ווָאס ווִילְסְטוּ?

האצמיך. אָבֶער אִיהְר מֵיידְלִיךְ זֶענְט דָאךְ יָאה דָא! אִיךְ ווָאלְט גֶעווָאלְט אַז אִיהְר זָאלְט מִיר אָפְּטְהוּן אַ כִּישׁוּף, אַז, אַז... אַז דֶער רוּחַ זָאל מִיר נֶעהְמֶען!

מיידיל. נֵיין, דָאס קֶענֶען מִיר נִיט, זָאג ווָאס דוּא ווִילְסְט! —

האצמיך. רֵאשִׁית ווָאלְט אִיךְ גֶעווָאלְט אַז אִיהְר זָאלְט מִיר אָפּ טְהוּן אַ כִּישׁוּף אַז מַיין ווַייבּ זָאל אויף מִיר נִיט שְׁרַייעֶן ד. ר. ז. מ. נ.! ס׳הֵייסְט אִיהְר זָאלְט מִיר גֶעבֶּען אַזַא מִין שְׁמִירִיכְטְץ אַז ווֶען זִיא ווֶעט נָאר אָנְהֵייבֶּען צוּ לָאזֶען דֶעם פִּיסְק זָאל אִיךְ אִיהְר מִיט דֶעם שְׁמִירֶעכְטְץ אַ שְׁמִיר טְהוּן אִיבֶּער דִיא לִיפֶּען. זָאל זִיא שׁוֹין אוֹיפְהֶערְט הַאפֶּען אַשְׁטִימֶעניש ד. ר. ז. מ. נ.! וְהַשֵּׁנִית הָאבּ אִיךְ גֶעווָאלְט בֶּעטֶען אַז אִיהְר זָאלְט אָפּ טְהוּן אַזַא מִין כִּישׁוּף אַז פוּן אַשְׁטִיקִיל לַייווַינְד ווִיא פִיעל אִיךְ ווֶעל מֶעסְטִין זָאל זִיךְ עֶס צוּ צִיהֶען אַלֶע מָאהל מֶעהר, אַזוֹי אַז עֶס זָאל אַרוֹיס 96 מָאהל מֶעהר אֵיילִין, און נָאךְ אַללֶעמֶען זָאל עֶס בְּלַייבֶּען בַּייא מִיר. אִיךְ זָאל עֶס ווִידֶער פַארְקוֹיפֶען און אִיבֶּער נַייעֶס נֶעמֶען גֶעלְד דֶערְפַאר.

מיידיל. שעהן דאס קענען מיר. נאר צום ערשטען מוזען מיר פערבינדען דיא אויגען (זיא רופט צוא נאך א מיידיל וועלכע געהן צו זאמען ארוים פערבונדען איהם דיא אויגען).

האצמיך. (פון דרויסען) מעג איך מיט מיר ניט נעהמען דאס קעסטעלע מיט סחורה אויך? ווארום איך האב מורא אז איהר זאלט מיר ניט אפ טהון א כישוף אז עס זאל מיר ניט בלייבען איין זאקען־בענדעל, ד. ר. ז. מ. נ.?

מיידליך. נישקשה האב קיין מורא ניט! קום אריין. (פיהרען איהם אריין פאר בינדענער הייד).

האצמיך. (טהוט עטליכע טריט וויא מיט מורא) אוי אוי! וויהין פיהרט איהר מיך? איהר ווייסט אז איך הייב שוין אן מורא צו האבען — (זייא פיהרען איהם וויטער) שטעהט, ד. ר. ז. מ. נ.! מיר דאכט זיך אז דיא ערד שפאלט זיך אונטער מיר; הערט מיך שוין אויף צופיהרען איך האב א ווייב מיט א סך קינדערליך ד. ר. ז. מ. נ.!

מיידליך. נאר אן מורא, ווארט, אט וועלען מיר דיר אויפבינדען דיא אויגען וועסטו זעהן וויא דוא ביסט דא, (זייא בינדען איהם אויף, ער קוקט זיך ארום אויף דיא פערשיעדענע בילדער אונ ווערט דערשראקען).

האצמיך. (מיט א געשרייא) טפוא! ד. ר. ז. מ. נ.! וויא בין איך דא אריינגעפאלען צווישען שלענג אונ העקדעשין! (ער פאטשט מיט דער פאלע אויף דיא בילדער) א האש, קליפות! (וויזט אויף דיא שלאנג-בילדער) קוק אן א מויל! ער קען מיך נאך איינשלינגען מיטן קעסטעלע סחורה, איך בין אייך שוין מוחל. געהט אייך שוין מיט אייער כישוף, איך דארף שוין ניט קיין כישוף! מיין ווייב וועט שוין מעגען אויף מיר שרייען ד. ר. ז. מ. נ.!

מיידליך. ניין, ניין, אז מיר האבען אנגעהויבען מוזין מיר שוין ענדיגען, (צום אנדערין מיידיל) גיב אהער א שעריל!

האצמיך. וועה איז מיר! צו וואס טויג אייך א שעריל?

מיידליך. מען דארף דאך אונטער רעזירען מיט עטליכע האר!

האצמיך. (וויא דער שראקען) פון וואנען? אפשר פון דער בארד זאל איך גאט היטען!

מיידיל. ניין, פון דער פיאה! —

האצמיך. נא דאנקען גאט וואס האטש ניט פון דער בארד, וויל מיין פלויניתטע דארף זעהר נעהטיג האבען מיין בארד!... נאר זאגט מיר איך בעט אייך וואס טויג אייך האר? אט האט איהר דאך איינענע דאר (נעהמט זיא אן ביא דיא צעפ אונ ווייזט זי א)

מיידיל. ניין מע מוז דווקא האבען פון דיינע האר.

**האצמיך.** נא געהמט זשע איך מעהר ניט וויא 3 האר . הערט איהר ? שלשה פעמים זאג איך איך . מיין ניט וויא 3 ווארום אהאר קאסט געלד ד. ר. ז. מ. נ. ! דאס איז אויסלענדערשע האר ! איהר הערט ? (מיידליך שעהרין איהם אפ דיא רעכטע פיאה אין גאנצען) נא איהר האט איך שוין גענומען האר ?

**מיידיל.** יאה .

**האצמיך.** אבער מעהר ניט וויא 3 אנא לאמיך זעהן (נעהמט זיך צו דער לינקער פאה , צעהלט איבער , אונ געפינט אלע האר , ער וויל אננעהמען דיא רעכטע פאה , אונ וויא ער געפינט זיא ניט , האפט ער זיך אויף מיט א וויינענדיק געשרייא) וועה איז מיר ! וואס האט איהר געטהון ? ד. ר. ז. מ. נ. ! מיט איך אין איינעם ! (קלאפט מיט'ן פיס אין פאל) מיין פאה זאל מיר זיין דא אויף דעם ארט ? קוקט מיך אן , איך האב דען א יודיש פנים ? האט רחמנות אויף דער אנדערער פאה זיא איז געבליך געבליבען איין אלמנה , זיא האט ניט דאס פאריל צו זיך (מיידליך צולאכען זיך שטארק) אוי וויא ! דאס הארץ האט מיר אבער געזאגט אז איך זאל אהער ניט אריין געהן . — פלוצלונג טראגט מיך אן דער רוח איך זאל אהער אריינגעהן זעהן צו מירעלע איז דא נישטא ! געהט איך שוין מיט אייער כישוף , אז גאט זאל געבען איהר זאלט אזוי פאר כישופט ווערין אז עס זאל פון איך ניט בלייבען קיין איין זאקען-בענדיל ! ד. ר. ז. מ. נ. מיט איך אין איינעם : (הייבט אן צו לויפען הין אונ צוריק) וויא איז דיא טהיר ? דיא טהיר וויא איז ? !

**מיידליך.** נא , אונ זאקען-בענדליך ? האצמיך , פאר אונזער כישוף ווען וועסטו אונז געבין ?

**האצמיך.** אז עס וועט מיר אויף וואקסען דיא אנדערע פיאה וועל איך איך דעמאלס געבין זאקענבענדליך ! (האפט דאס קעסטעלע לויפט שנעל ארויס . מיידליך בעלייטען איהם מיט א געלעכטער)

# זעקסטע סצענע

**מיידיל.** (צו דיא איבריגע מיידליך) איהר האט געהערט קינדער וואס פאר א נאמען ער האט דא אנגערופען ? „מירעלע" איהר האט זיא שוין געזעהן דאס מיידיל וואס דיא באבע האט נעכטען אהער געבראכט ?

**2-טע מיידיל.** ניין , זיא איז פארשלאסען אין דער באבעס סעקרעטנע צימער .

**1-טע מיידיל.** אצונד וועלין מיר שוין האבען א נייע חבר'טע ?

**2-טע מיידיל.** וויא אזוי ? אז זיא ליגט פארשפארט , מעלאזט זיא אפילו אויף דער גאס ניט ארויס .

1-טע מיידיל. איך קען זיא דיר ווייזען. ווייל איך בין שוין דא לענגער וויא איהר וויים איך שוין דעם סעקרעט וויא אזוי מע קען אריינגעהן אהין אין ציממער, אויב דוא ווילסט קום מיט מיר איך וועל אויף עפענען דאס צימער, אונ מיר וועלען זיא ביידע אהער אראפפיהרען. קום! (צווייא מיידליך געהן ארויף אויף דיא טרעפליך רעכטס, קעהרין זיך אום באלד צוריק מיט מירעלען).

# זיבעטע סצענע

מירעלע. (קוקט זיך ווילד אונ דערשראקען ארום — ענדליך זאגט זיא מיט א ציטערענדע שטימע) ווער זענט איהר? וויא בין איך דא?

מיידליך. שרעק זיך ניט אזוי ליעבעס קינד! מיר זענין אויך אזוינע מענשען וויא דוא דערצעהל אונז וויא קומסטו אהער?

מירעלע. דיא מומע האט מיך אהער געבראכט!

מיידיליך. יאה, דא וואהנט טאקע דיין מומע דיא באבע יאחנע.

מירעלע. נא, אונ ווער זענט איהר?

מיידיליך. מיר זענין דיינע שוועסטערליך.

מירעל. (קוקט זייא נאך אמאהל ווילד אן) ניין, איהר זענט ניט מיינע שוועסטער אונ זיא איז ניט מיין מומע (יאמערענד) אה פאטער! ליעבער פאטער וויא ביסטו? ...

מיידיל. דערצעהל אונז נאר ליעבעס קינד וויא קומסטו אהער? אפשר וועלען מיר דיר קענען העלפען.

מירעל. (וויא פערווירט) העלפען? ... (זינגט)

באריםען קען זיך יעצט אי איינער ניט,
דעם מענשענס הילף האט מיר גאר געשאדט,
ניין, גוטס האט מיר נאך קיינער ניט,
אה, העלפען קען מיר נאר איין גאט,
וואס קען איך אייך דערציילען ווייטער;
געקומען זענין שלעכטע לייט,
פארפיהרט האבען זייא מיין טרייען פאטער,
אוועקגעפיהרט פון מיר גאנץ ווייט,
שוועסטערליך פיינע!
פריידינען מיינע!

פְרֶעגְט מִיךְ נָאר נִיט וָואס מִיר אִיז גְעשֶׁעהְן

מַיין שְׁמֶערְץ קָאנְט אִיהְר נָאר נִיט פֶערְשְׁטֶעהְן —

הֶעלְפֶען קֶענְט אִיהְר מִיר נִיט צוּ מַיין גְעוויין !

מיידליך. וויין נִיט , עֶרְגֶער דִיךְ נִיט גוּטֶע זֶעעל ,

דֶערְצֶעהל אוּנְז ווייטֶער דֶערְצֶעהל ! דֶערְצֶעהל !

מירעלע. וֶועקְט נִיט מַיין שְׁמֶערְץ !

גַאנְץ טִיעף אִין הֶערְץ ,

לִיגְט עֶס אָט דָא, אָט דָא! . . : :

מיידליך. וויין נִיט, עֶרְגֶער דִיךְ נִיט . . . . א' ז' ווי'

מירעלע. וֶועקְט נִיט מַיין שְׁמֶערְץ . . . . א' ז' ווי'

1-טע מיידיל. דֶערְצֶעהל אוּנְז ווייטֶער לִיעבֶּעס קִינְד , וָואס מִיט דִיר אִיז גְעשֶׁעהְן ? —

מירעלע. מֶעהר קֶען אִיךְ אַייךְ גָאר נִיט זָאגֶען , אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ ! דָאס ווייס אִיךְ

אוּנ מֵיין גָאר נִיט , (אין דעם מאמענט הערט מען קלאפען) .

1-טע מיידיל. קִינְדֶער ! אִיהְר הֶערְט ?. דִיא בַּאבֶּע יַאתְנֶע קוּמְט אָן לָאמִיר זִיא גִיךְ אַרוֹיפְפִיהְרֶען צוּרִיק אִין צִימֶער , דִיא בּאבֶּע יַאתְנֶע זָאל דֶערְפוּן גָאר נִיט וִויסֶען .

(פיהרען זיא ארויף צוריק אויף דיא טרעפליך , קעהרין זיך באלד צוריק . נעהמען זיך ווידער צו זייער ארבייט אונ זינגען) .

# אכטע סצענע

מיידליך. גִיבֶער , גִיבֶער ,

וויא אַ וויבֶער ,

גֶעהְט דִיא אַרְבֵּייט פוּן דֶער הַאנְד ! א' ז' ווי' . . .

ב. יאחנע. (פון יענער זייט טהיר) וָואס טְהוּט אִיהר ? וויא גֶעהט אַייךְ דָארְט ?

מיידליך. (פון אינעווייניג) מִיר וֶועלֶען אַייךְ שְׁטֶערֶען צוּפְרִידֶען !

ב. יאחנע. (פון דרויסען) וָואסְזֶשֶׁע גֶעדוייֶערְט עֶס פָארְט ?

מיידליך. (פון אינווייניג) עֶס בַּארְף נָאךְ אַבִּיסֶעלֶע זִידֶען ,

ב. יאחנע. גִיכֶערְט זְשֶׁע קִינְדֶער ,

מיידליך. באלד באלד!

באבע יאחנע. געשווינדער, געשווינדער!

מיידליך. באלד באלד.....

גיבער גיבער..... א' ז' ווי'

## נייינטע סצענע

(וועהרענד דיא מיידליך זינגען אפ קומט אריין דיא באבע יאחנע)

באבע. קינדערליך, געהט אריין אין דער פינצטערער-קאמער, אונ נעהמט אייך צו'נ'אייער ארבייט (מיידליך פערליערען זיך אין דער טיעף פונ'ם צימער — באבע יאחנע קוקט זייא נאך ביז זייא געהן אוועק נאכדעם גיט זיא א געשרייא אליקום!

## צעהנטע סצענע

אליקום. (לויפט אריין אויף דיא שפיץ פינגער) וואס איז באבעניא?

באבע. האסטו מירעלען גוט פערשפארט?

אליקום. הא, הא! אבער גאנץ גוט! זיא וועט פון דארט אזוי גיך ניט קענען ארויס!

באבע. ווען נעהמסטו זיא צו פון דאנען?

אליקום. מארגען פארטאג!

באבע. האסטו דען שוין א קונה?

אליקום. יא באבעניא, מיינער א בעסטער גוטער פריינד פון סטאמבול איך האב מיך שוין אפילו אויסגעגלייכט מיט דער פרייז.

באבע. וויא פיעל געהמסטו?

אליקום. 50 ליראס! —

באבע. ס'איז אפילו אביסעלע וועהניג, נאר בקיצור, אבי נעהם זיא שוין צו דוא ווייכט דאך אז זיא טאר זיך דא לאנג ניט געפינען.

אליקום. איך וויים, איך וויים באבעניא, מארגען פארטאג פיהר איך זיא צו צו דער שיף, אונ נעהם אפ דאס געלד, אונ א גוטען טאג מיט דער קאפאטע! (אין דעם מאמענט הערט מען קלאפען אין דער טהיר פון דער לינקער זייט).

באבע. אליקום, מיר דאכט אז מען קלאפט? געה נאר גיב אקוק ווער איז דאס דארט (אליקום געהט צו צו דער טהיר, קוקט זיך איין אין דער שפארינע.

לויפט אויף דיא שפיץ פינגער צוריק אונ ראמט איהר איין אין אויער).

**אליקום.** באבע! מארקום! מירעלעס חתן איז דא!...

**באבע.** מארקום? טראגנזשע זיך גיכער אפ פון דאנען ער זאל דיך דא ניט טרעפען. נא גיכער! (זיא זעצט זיך אנידער ביים רויטען טיש וויא דיא קארטען אנגעגען צו ווארפען).

**אליקום.** הערט אויס באבע. איך האב אייך צוזאגען א נייטיגע זאך. מען האט מיר איבערגעגעבען אז מארקום טראגט שטענדיג ביא זיך מירעלעס בילד. אריינגעפאכט אין א גאלדענעם מעדאליאן מיט בריליאנטען זאלט איהר זעהן מאכען אזא מין כישוף אז דער מעדאליאן זאל אריינקריכען צו אייך אין קעשענע. איהר פארשטעהט?...

**באבע.** גוט גוט, נא געה שוין גיכער ארויס אונ פארשליס דיא טהיר כדי קיינער זאל ניט קענען אריינגעהן ביז ער וועט אוועקגעהן, אונ טאמער וועט עמיצער וועלען אריינגעהן זאלסטו זאגען אז איך בין ניטא אין דער היים! געה. (אליקום לויפט ארויס רעכטס)

# עלפטע סצענע

**מארקום.** (בלייבט שטעהן פערוואונדערט ביא דער טהיר, אונ נאך איניגע מינוטען ער בעטראכט דאס צימער, געהט ער צו נעהנטער צו דער באבע אונ זאגט) איהר זענט עס טאקע דיא כישופמאכערן אליין?

**ב. יאחנע.** (ענדערט איהר שטימע, אונ פרעגט איהם מיט א צווייגען ברייט קול) יאה! וואס ווינשט איהר מיין העלד?

**מארקום.** איך בין געקומען צו אייך איהר זאלט מיר ווארפען קארטען, דיא ווארהייט וועל איך אייך זאגען, אז איך האב קיינמאהל אין דעריגען ניט געגלייבט, נאר יעצט וויל איך מיך איבערצייגען.

**באבע.** (מיט דעם זעלבען צוצוויגען קול) האט איהר ניט געגלייבט וועט איהר גלייבען, נאר עס וועט אייך טהייער קאסטען.

**מארקום.** פון געלד, באבע, איז דא גאר קיין רעדע ניט, עס מעג מיך קאסטען וויא פיעל ס'איז אבי איהר זאלט מיר נאר ברענגען.

**באבע.** נא נעהמט זשע ארויס אזילבער קערביל, אבער א רענדיל. אונ בעשפייעט עס 3 מאהל אונ שניידט דערמיט דיא קארטען — דערנאך זאלט איהר ארויס נעהמען פון דיא קארטען א דאמע, פון אזא קאליער וויא אייער פערזאהן איז. אויף וועלכע איהר ווילט טרעפען אונ זאלט זיך אויף איהר פערטראכטען. (מארקום טהוט אלסדינג אזוי וויא זיא הייסט איהם, נאכדעם נעהמט זיא אב

מישט איבער דיא קארטען לייגט זייא אויס אויפ'ן טיש, אונ שעפטשעט דער בייא מיט'ן מויל. אונ אז זיא האט שוין אויסגעלייגט דיא קארטען קוקט זיא איניגע מינוטען אויף מארקוסען אונ איניגע מינוטען אויף דיא קארטען — ניט א זיפץ אונ זאגט) זעהט איהר. איהר זענט נאך אזוי יונג. אונ האט שוין פיעל צרות... אה! א שווערער וועהטיק פרעסט אייך דיא ברוסט. דיא קארט ווייזט אז איהר האט אבענקעניש נאך אפערזאהן וואס איהר טראגט איהר בילד איינגעפאסט אין א גאלדענעם מעדאליאן. נאר איך ווייס ניט צו דאס איז א געליעבטע צו א כלה?

מארקוס. (קוקט ויא אן פערוואונדערט) יאה באבע — א כלה. —

באבע. א כלה? (מיט א שמייכעל) זעהט איהר, איך האב אייך שוין אביסעל געטראפען (זיא נעהמט צונויף דיא קארטען, מישט זייא נאך אמאהל איבער. הייסט איהם ווידער איבערשניידען מיט א רענדיל, לייגט זייא ווידער אויס אויפ'ן טיש), אט זעהט איהר מיין ליעבער הערר, דא פאלט אייך דיא קארט אז איהר דארפט מאכען א רייזע, צו אפשר האט איהר זיא שוין געמאכט, דאס ווייס איך ניט, נאר גיכער ווייזט אויס אז איהר דארפט זיא ערשט מאכען.

מארקוס. (איבעראשענד) יאה באבניא, עס איז אלסדינג אמת!

באבע. (שמייכילט) איהר האט ניט אזוי וואס איבעראשט צו זיין. מיר זענען ניט קיין מלאכים, אונ ניט קיין שרפים. מיר זאגען נאר וויא אין פסוק שטעהט, אונ ווייטער גאר ניט (טהוט א שמעק טאבאק).

מארקוס. באבניא קענט איהר מיר אפשר ניט טהון א כישוף דיא פערזאן אליין אראפ צוברייגגען אהער? איך וועל אייך באצאהלען וויא פיעל איהר ווילט אבי איך זאל זיא שוין דא זעהן.

באבע. דיין דאס קענען מיר ניט, דאס איז ניט אין אונזער מאכט. איך קען אייך ווייזען דער פערזאנ'ס נאהמען, אונ איהר בילד אין דעם צויבער שפיגעל. נאר מיט דער בעדינגונג אז קוים וועט דאס בילד זיין ענדליך צו דעם וואס איהר טראגט בייא זיך אינעם מעדאליאן זאל דער מעדאליאן געהערין צו מיר.

מארקוס. (אונ געדולד) ניט נאר דער מעדאליאן נאר מיין גאנץ פערמעגען.

באבע. נא קומט זעט אהער אונ שטעלט אייך דא אנידער (זיא מאכט מיטען שטעקין אין דער רעכטער זייט א קרײַז. שטעלט איהם אנידער אין דער מיטט. אלליין שטעלט זיא זיך אין דער אנדערער זייט אונ זאגט).

ביא נאכט פינסטער אין גרויסען וואלד
זעה איך פאר מיר אשרעקליך געשטאלט
ניט דאר, ניט הויך

ניט גראב , נאר מיט אַבּויך
אַך קארנוסע , דוא קארנוסע
בעווייז דיך , מיט דיין צויבער כּוסע
אונ דוא גרויסער אַשמדאי
גיס אַן דיא כּוסה אויפ־ס־נייא
אין דעם נאהמען פון 1—2—3

(זיא שרייבט מיטען שפּיץ שטעקין אויפ'ן קראקדיל , אין דעם מאמענט נעהט ארויס דער נאהמען „מירעלע" מיט רויטע בוכשטאבען)

מארקוס. אָה מירעלע !

באבע. איהר האט ניט אַזוי וואס איבּערראשט צו זיין , קומט אונ טהוט אייך אָפּ דעם מאנטעל (זיא גיט איהם אַ לאנגען שווארצען מאנטעל) איהר זאָלט אייך פערדעקען מיט איהם דאס גאנצע פּנים , נאר דיא אויגען מעגט איהר לאזען פרייא אונ איהר האלט אין איין קוקען נאר אין דעם שפּיגעל טונקט איין דעם מינדסטען פינגער אט אין דעם וואסער (גיט איהם אַ גלאז מיט אַקאלעמיטנעם וואסער) אונ וואשט אייך אויס דיא אויגען (ער טהוט אללעס וויא זיא הייסט איהם) יעצט קוקט אין שפּיגעל , נאר איין זאך מוז איך אייך פארויס זאגען : וואס איהר וועט זעהן זאלט איהר שווייגען , ניט אויסרעדען אפילו אַ האלב ווארט , ניט קיין ריהר זיך טהון ביז איבּערען כּישוף , אונ טאמער וועט איהר ניט פאלגען , וועל איך דערנאך ניט שולדיג זיין אַז עס וועט אייך געשעהן עפּעס אַיין אומגליק , דאס לשון קען אייך נאך חלילה אָבגעגעהמענוועררען .... קוקט זשע גלייך אונ שווייגט , (מאכט ווידער אַ קרוג , שטעלט איהם אין דער מיט נעהט צו צום שפּיגעל , אונ זאגט דעם פריהעריגען שפּראך „בייא נאכט פינצטער .... א. א. וו. זיא מאכט פינצטערער דאס ליכטיקייט אין צימער אזוי אז מארקוס זעהט ניט וויא ד״ר שפּיגעל צו נעהמט זיך , אונ עס בעווייזט זיך מירעלעס קאפּ . — מארקוס הייבט אן צו ציטערען , דער שפּיגעל ווערט ווידער גאנץ , אונ דאס בילד פערשווינדערט , עס ווערט ווידער לעכטיק) .

מארקוס. אָה ! אָבער נאטירלעך וויא זיא לעבט , אָה איך וויים גאר ניט באבּינקא מיט וואס אייך צודאנקען . אָה ! ווען איהר קענט מיר נאך זאגען באבע וויא זיא איז ערגעץ ?...

באבע. ניין , דאס קען איך ניט , איך האב שוין אזוי אויך צו פיעל געוויזען .

מארקוס. איך דאנק אייך זעהר באבּינקא . (נעהמט ארויס דעם מעדאליאן — גיט איהר) נאט אייך דעם מעדאליאן , איך פאהר יעצט אוועק אין דער וועלט זוכען

זיא, אונ אז נאט וועט מיר נאר העלפען איך וועל זיא געפינען. מעגט איהר זיין זיכער אז איך וועל אין אייך ניט פארגעסען — דערווייל אדיע (לויפט שנעלל ארויס לינקס).

## צוועלפטע סצענע

**באבע.** (שרייט) אליקום!

**אליקום.** (לויפט אריין אויף דיא שפיץ פינגער) נא באבינקא. וואס הערט זיך מיט'ן מעראליאן?...

**באבע.** (לאזט איהם ניט אויסרעדען) רעד איצט ניט קיין סך, געה שוין אונ נעהם צו מירעלען פון דאנען. זיא טאר זיך דא איין אויגענבליק ניט געפינען פערשטעהסט? ווייל ער וועט זיא שוין אנהויבען צו זוכען, זעה זשע וויא מעגליך שנעלל זיא צו עקספעדירען, ווארום מיר שטעהן יעצט אין א גרויסער סכנה!

**אליקום.** יא, יאה, איהר האט רעכט באבינקא, אט געה איך שוין, (ער געהט ארויף אויף דיא טרעפליך צום סעקרעטנע צימער — מען הערט מירעלעס קול פון אינווענינג).

**מירעלע.** וויהין פיהרט איהר מיך?

**אליקום.** (פון אינווענינג) קום, קום! מען וועט דיר שוין דערציילען וויהין!

## דרייצענטע סצענע

(אליקום פיהרט ארויס מירעלען — ער שלעפט זיא איבערען צימער).

**מירעלע.** (מיט אגעוויין) וויהין פיהרט איהר מיך? וואס ווילט איהר טהון מיט מיר?

**אליקום.** (מיט אגעשרייא) שטום, דוא כלביטע! (שלעפט זיא ווייטער, מירעלע ראנגעלט זיך)

**מירעלע.** (מיט אוויינענדיק געשרייא) מומעניא!... האט רחמנות!... גוואלד! — וויהין שלעפט מען מיך? ! אוי! אוי!...

ווערענד אליקום שלעפט מירעלען, בעווייזען זיך דיא מיידליך אין דער טיעף פינ'ם צימער, אונ זינגען „גיבער, גיבער" אונ ווערענד מירעלע טהוט דעם לעצטען געשרייא „אוי!" לאזט זיך דער פארהאנג שנעל אראפ).

---

# פערטער אקט

---

## ערשטע סצענע

---

זעקסטעס בילד

שטעלט פאר א גרויס קאפע—הויז אין קאנסטאנטינאפאל, א סך

צימער מיט קאלאנעס אונ פארהעננגען פערליערען זיך אין דער טיעף, א סך לאמפען אונ א גרויסער הענג-לייכטער בעלייכטען דיא צימער, לינקס אויף א גרויסען דיוואן זיטצען א סך טירקען דיא פיס אונטער זיך, א טהייל רייכע-רען לולקעס, א טהייל זופען פון נארגילעזען, א טהייל טרונקען פון שאהלען קאפע אונ שפיעלען אין ביינדליך, אינעם גאנצען קאפע-הויז שטעהן פיעל טישלעך, נעבען יעדען טישעל זיטצען פערשיעדענע מענשען, א טהייל שפיעלען אין קארטען, א טהייל אין שאך, א טהייל טרינקען קאפע, לייענען צייטונג; קעלנערס לויפען ארום צו דיא טישלעך אונ בעדיענען — רעכטס נעבען א טישעל זיצט מארקיס מיט א רייזע טאש אויף דעם אקסעל, געבען איהם אויפ'ן טישעל שטעהט א גלאז ביער, ער זיצט פערטראכט אונ לייענט א צייטונג, טירקען זינגען)

מיר דאנקען גאטט!
וואס ער האט
אונז אליין אויסגעקליבען פון דיא אומות (אלע), אללאה!
אין ים דעם טיעפען
טהוען זיך פארטיפען
אונזערע שיפען (אלע) אללאה!
באשיצען באשיצט זייא
באשיצען באשיצט זייא
נאר דוא אליין —
אונזער קלונג —
אוי דיא שארפע קלונג
טאהר זיך ניט, אהן בלוט — אין דער שייד צוריק
אומקעהרען זיך ליידיג — אללאה

## צווייטע סצענע

(עס קומט אריין א גימנאסטיגער, אונ ברעכט זיך אויף דער ערד ער ענדיקט, נעהמט צונויף אויף דעם טעציל געלד אונ געהט אוועק)

## דריטטע סצענע

(עס קומט אריין א פֿאהקוס'ניק — זינגט)

מַיין קוּנְסְט אִיז נִיט קַיין בְּלִינְזֶעקַייט
עֶס בֶּעשְׁטֶעהט נָאר אִין גֶעשְׁוִינְדִיקַייט
אִיךְ מַאךְ עֶס פַאר דֶעם גַאנְצֶען עוֹלָם פְּרַאנְק אוּנ פְּרַייא ! —
אָפֶען אָהן אַ דֶעקֶעֶ ;
נָאר מִיט מַיין צוֹיבֶּער שְׁטֶעקֶלֶע
זָאג אִיךְ נָאר אֵיין מָאהל 1—2—3 ;
פֶערְבַייטֶען זִיךְ שֶׁעהן
דִיא זַאכֶען אַלֵיין
אִיךְ רִיהר מִיךְ נָאר נִיט צוּ צוּ זֵייא . . .
זֵייא הֶערִין מַיין וָוארְט
בַּאלְד אוֹיפְ'ן אָרְט
וֶוען אִיךְ זָאג אַלֶעעֶר־מַארְשֶׁעע !

(בעוויזט אללערלייא פֿאקיסטען — נעהמט צונויף געלד, נעהט אוועק)

## פערטע סצענע

(עס קומט אריין א ציגאנער און טאנצט)

## פינפטע סצענע

(אים מיטען וועהרענד דער ציגיינער טאנצט קומט אן האצמיך, ער בלייבט שטעהן קוקענדיג אויפ'ן ציגיינער, ער טאנצט אויך אונטער צו ביסלעך, און וועהרענד דער ציגיינער האט אפ געטאנצט געהט ער צו צו אלע טישלעך זינגט)

קוֹיפְט זְשֶׁע קוֹיפְט בַּייטְשֶׁעלֶעךְ
שְׁטֶעקֶעלֶעךְ בַּאטְשֶׁעלֶעךְ
קְלוֹיבְּט אַייךְ אוֹיס וָואס אַייךְ גֶעפֶעלְט :
פֶעדֶערֶען שְׁטֶאהלֶענֶע ,
הֶענְטֶלֶעךְ גֶעמֶאהלֶענֶע ,

מְרִיפְּוואַקְס — נָאר אֵיינְס אִין דֶער וָועלְט,
בִּיכְלִיךְ נָאטִיצִין,
צוּנאַרְעֶנְשְׁפִּיצִין,
אַייךְ צוּ לִיעב גֶעהמְט פַּאר הַאלְב גֶעלְט! —

עולם. (לאזען איהם אוים) דיין רֶעדֶען אִיז פִּיסְט!
דַיין טַעֲנֶהן אוּמְזִיסְט!
אוּמְזִיסְט אִיז דַיין טַאנְצֶען דַיין לוֹיפֶען! —
דוֹל קֵיין קָאפּ, דוֹל נִיט!
מֶע דַארְף נִיט, מֶע ווִילל נִיט!
מֶע הָאט בַּייא דִיר נִיט וָואס צוּקוֹיפֶען! —

האצמיך. (געהט צו צו איין אנדער טישיל) קוֹיפְט פַּיינֶע לַייטֶעלֶעךְ;
מֶעסֶערְלִיךְ, בַּייטֶעלֶעךְ,
קְלוֹיבְּט אַייךְ אוֹים, וָואס אַייךְ גֶעפֶעלְט:
גֶעשְׁטִיקְטֶע פַּאנְטֶעפֶעלֶךְ,
אוּנ אוֹיעֶר-לֶעפֶעלֶעךְ:
צֵייהְנ-שְׁטֶעכֶערְס אֵיינְס אִין דֶער וָועלְט! —
קְנֶעפְּלֶעךְ מִיט דִימֶענְטֶען,
לֵיידֶערְנֶע רִימֶענְטֶען,
אַייךְ צוּ לִיעב גֶעהמְט פַּאר הַאלְב גֶעלְד!

עולם. דיין רֶעדִין אִיז פּוּסְט... א. א. וו.

האצמיך. (בייא איין אנדער טישיל) קוֹיפְט אַייךְ, פַּאר מֵיידֶעלֶעךְ:
שְׁפִּילְכֶעלִיךְ, נֵיידֶעלֶעךְ,
קְלוֹיבְּט אַייךְ אוֹים, וָואס אַייךְ גֶעפֶעלְט:
זֵייפֶעלֶעךְ, שְׁוֶועמֶעלֶעךְ,
בֶּערְשְׁטֶעלֶעךְ, קֶעמֶעלֶעךְ,

מאנדיל-אייל איינס אין דער וועלט!
אויך גאנצע פעקעלעך,
טיכעלעך, זעקעלעך,
אייך צו ליעב גענומען פאר האלב געלד! —

**עולם.** ביין רעדין איז פוקט... א. א. וו.

**האצמיך.** (קוקט זייא אן בייז) שאט! נאר, אהן א גוולד,
איך גיעה אוועק באלד,
איך מעג שוין פון דאנען אנטלויפען;
איך דערקען אין זייער פנים,
אז זייא זענען קבצנים,
זייא האבען פאר וואס ניט צו קויפען! —

**האצמיך.** איך זעה ארוים אז בייא דיא רויטע יארמילקעס וועל איך ניט לייזען אפארע (ער געהט צו צו-נ'איין טישעל וויא עס זיטצען ארום מענעשען אונ שפיעלען אין קארטען) טאמער וועלען דיא הערען עפעס קויפען? — מעסערליך זיידענע שנירעלעך — צו דיא קארטין קומט עס צוגוטץ — טאמער פארשפילט איינער וועט ער זיך האבען מיט וואס אויף צו הייגגען אדער קוילען זיך — נא? — קיינער רופט זיך ניט אן — (ער ווענדעט זיך צום טישעל וויא מארקוס זיצט אונ לייענט ציימונג) אט יענער וואס זיצט בייא דעם טישעל ווייזט אויס אפיינער יונגער מאנטשיק ער וועט בייא מיר קויפען (ער בייגט זיך אן עפינט דאס קעסטעלע נעהמט ארוים אטאבאטשניצע) מיין ליעבער הערר! אט דיא טאבאטשניצע וועל איך אייך פארקויפען גאנץ וואלוויל, חאטש זיא קאסט מיך טהייער אונ איך דער לייג צו דעם, פארגעסט ניט אז ס'איז א ביינערנע טאבאטשניצע אונ דער ביין איז פון דעם שור הבר — קוקט אייך צו מיין הערר; (ער דערזעהט מארקוסען אונ רעדט וויטער) זעהט איהר! — אט דיא טאבא — (ער קוקט איהם אין פנים) אט דיא טאבא — באטא — טאבא — בא — בא! דאכט מיר מארקוס ד. ר. ז. מ. נ. אויב איך האב ניט קיין טעות אי דאס מארקוס?

**מארקוס.** (קוקט זיך צו איבערראשט) האצמיך? —

**האצמיך.** — יאה האצמיך אונ קאכט עטשערע דער רוח זאל מיך נעהמען; —

**מארקוס.** — וָואס טְהוּסְטוּ דָא הָאצְמִיךְ! — וִויא קוּמְסְטוּ אַהֶער?

**האצמיך.** וָואס הַייסְט וִויא אִיךְ קוּם אַהֶער, מַיין סְחוֹרָה גֶעהט אָן אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַקֶעמֶעלֶע, אַבַּארְשְׁטֶעלֶע, אַמֶעסֶערִיל דַארְף מֶען אוּמֶעדוּם, אָבֶער וִויא קוּמְט אִיהר אַהֶער ד. ר. ז. מ. נ.

**מארקוס.** דוּא הָאסְט דָאךְ אַווַדַאי גֶעהֶערְט פוּן דֶעם אוּמְגְלִיק וָואס מִיךְ הָאט גֶעטְרָאפֶען! אִיךְ פָאהר אַרוּם זִיכֶען מִירֶעלֶען מֶען זָאגְט אַז זִיא דַארְף זַיין הִיא.

**האצמיך.** פוּן וַואנֶען וַוייסְט אִיהר אַז זִיא אִיז דָא? —

**מארקוס.** אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען פֶערְצְוַוייפֶעלְט אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעווּסְט וואס פְרִיר צוּ טְהוּן — בַּתְיָה הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז זִיא אִיז עֶרְגִיץ אַנְטְלָאפֶען, וָואס דָאס אִיז מִיר שְׁוֶוער צוּ גְלֵייבֶען — וִוידֶער דִיא כִּישׁוּפְמַאכֶערֶען הָאט...

**האצמיך.** (לאזט איהם ניט אויסרעדען — גיט זיך א חאפּ אויף מיט א געשרייא) אוֹי וֶועה פוּן דֶער כִּישׁוּפְמַאכֶערֶען זָאלְט אִיהר מִיר גָאר נִיט דֶערְמָאנֶען, טְהוּט אַ קוּק וִויא זִיא הָאט מִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט (ער ווייזט איהם אויף דער אפגעשוירענער פאה) שְׁטֵייטְשׁ אִיךְ בִּין דָאךְ גֶעבְּלִיבֶען הִינְקֶעדִיג אוֹיף אֵיין פֵּאָה, ד. ר. ז. מ. נ.!

**מארקוס.** (הערט כמעט ניט וואס ער רעדט) קוּרְץ, אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעלָאפֶען וִויא דוּלל אוּנ הָאבּ נִיט גֶעווּאוּסְט וָואס פְרִיעֶר צוּ טְהוּן; צוּ זָאל אִיךְ לוֹיפֶען אַרְבֵּייטֶען אַז ר׳ אַבְרָהַמְצִי זָאל בֶּעפְרַייט וֶוערִין, צוּ זָאל אִיךְ לוֹיפֶען זוּכֶען מִירֶעלֶען, אִין דֶער גְרֶעסְטֶער פֶערְצְוַוייפְלוּנְג אִיז מִיר דִיא יְשׁוּעָה אַלְלֵיין גֶעקוּמֶען אִין דֶער הַאנְד, אִיךְ קוּם אַמָאהל אִין דֶער פָּאלִיצֵייא, גִיט מֶען מִיר צוּ ווִיסֶען אַז ר׳ אַבְרָהַמְצִי אִיז בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער גַארַאנְטִי פוּן דֶער עֶטָאס וָואס הָאבֶען גֶעגֶעבֶען חֲתִימוֹת אַז עֶר אִיז אַיין עֶהרְלִיכֶער מַאנְן.

**האצמיך.** (מיט א פרייד) וָואס? ר׳ אַבְרָהַמְצִי אִיז בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען? (ער קלאפּט אין טישעל) קֶעלְנֶער 2 בִּיער אָהן שָׁאם, ד. ר. ז. מ. נ.!

**מארקוס.** יָאה, אַבְרָהַמְצִי אִיז שׁוֹין בְּשָׁלוֹם אַהֵיים גֶעקוּמֶען, נָא שְׁטֶעל דִיר פָּאר הָאצְמִיךְ, וָואס פַאר אַ שִׂמְחָה דָארְט הָאט בֶּעדַארְפְט זַיין, זִיא אִיז אָבֶער פֶערְשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען — דֶער מִיט, וָואס עֶר הָאט מִירֵיילֶין אִין דֶער הֵיים נִיט גֶעטְרָאפֶען, זַיין גֶעלִיעבְּט אֵיינְצִיג קִינְד! (קעלנער ברענגט ביער שטעלט אנידער אויפ׳ן טיש: איין גלאז נעבין האצמיך׳ן אונ דיא אנדערע נעבין מארקוסען — האצמיך טרינקט אוים זיין גלאז ביער, רוקט זיא צו צו מארקוסען, חאפּט מארקוסעס פוללע גלאז שטעלט זיא לעבען זיך — מארקוס בעמערקט גאר ניט וואס ער טהוט, דערצעהלט ער ווייטער) אִיךְ הָאבּ אִיהם אָבֶער גֶעטְרֵייסְט אוּנ הָאבּ מִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּרֵייזֶען אִיבֶּער דֶער וֶועלְט, אִיךְ הָאבּ אִיהם צוּגֶעזָאגְט

אַז, אויב זִיא לֶעבְּט נָאר, זָאל אִיךְ זִיא אָפְּזוּכֶען אוּנְזִיא אִיהם צוּרִיק בְּרֶענְגֶען דֶעם פָּאטֶער זַיין אַיינְצִיג קִינְד, אוּנ מִיר, מַיין אֵיינְצִיגֶע גֶעלִיעבְּטֶע כַּלָה! שׁוֹין אַפָּאר חַדָשִׁים אַז אִיךְ בִּין אויף דֶער רֵייזֶע. נָא אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע הָאבּ אִיךְ דָאךְ דִיר שׁוֹין גֶעזָאגְט אַז אִיךְ בִּין גֶעוֶועהן אִין אַ שְׁטָאט, הָאט מִיר אַ מֶ[…]שׁ גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט זִיא דָא גֶעזֶעהן אִין סְטַאמְבִּיל. בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען, טָאמֶער וֶועל אִיךְ זִיא דָא גֶעפִינֶען.

**האצמיך.** (נעהמט דיא גלאז ביער אין דער האנד) נָא לְחַיִים ד. ר. ז. מ. נ. ! דֶער אַייבֶּערְשְׁטֶער וֶועט הֶעלְפֶען, נִישְׁקָשֶׁה. קֵיין מֶענְשׁ וֶוערְט נִיט פַארְפַאלֶען, אָט אַשְׁטֵייגֶער וֶוען וָואלְט אִיךְ מִיךְ גֶערֶעכְט אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ אַמָאהל זֶעהן אִין סְטַאמְבִּיל זֶעהט אִיהר. דָאךְ אַז אַלְסְדִינְג קֶען זִיךְ מַאכֶען.

**מארקוס.** אָט הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטֶען אַבְּרִיעף, טַאקֶע עֶרְשְׁט הַיינְט. פוּן אַבְרָהַמְצִי אַלֵיין, ווִילְסְט אִיהם לֵייגֶען? (גיט איהם דעם בריעף).

**האצמיך.** אַזוֹי? אַבְּרִיעף פוּן אַבְרָהַמְצִין לָאמִיךְ זֶעהן (נעהמט דיא בריעף לייענט זיא) (מארקוס פערטיעפט זיך ווידער אין דער צייטונג)

## זעקסטע סצענע

(מירעלע קומט אריין טירקיש געקליידעט, אויף דעם אקסעל אקאליערנדיקע רייף, אונ אין דער האנד אפייקעל, זיא פויקט אויף דעם פייקעל צום טאקט נאך דער מעלאדיע פון דער קאטערינקע וואס אקאטערינטשיק טראגט איהר נאך שפיעלענדיק אויף איהר, נאך דעם אז דיא קאטערינקע האט אגעשפיעלט אשטיק, לייגט מירעלע אוועק דאס פייקעל אונ זינגט)

בַּיים טַאטֶען — גֶעוֶועהן אַ בַּת יְחִידָה,
פוּן גוּטְס הָאט מִיר גָאר נִיט גֶעפֶעלְט,
ווִיא פִיעל הָאט מַיין מַאמֶע דִיא נְגִידָה,
אָרִימֶע בְּרוֹיט אוּנ גֶעלְד גֶעטְהֵיילְט;
הַיינְט אִיז יֶעדֶער טָאג בַּייא מִיר אַ תַּעֲנִית,
הוּנְגֶערִיג אוּנ נַאקֶעט בִּין אִיךְ אַצוּנְד,
הָאט רַחֲמָנוּת! הָאט רַחֲמָנוּת!
אַ נְדָבָה בֵּייט אַיין עֶלֶענְד קִינְד! — (ביסס)
יוּנְג אִיז מַיין מַאמֶע אוּמְגֶעקוּמֶען,
דֶער טַאטֶע אִיז אוֹיךְ גַאנְץ ווַייט אַוֶועק;

אִיךְ הָאבּ אַ שְׁטִיעפְמַאמֶע בַּאקוּמֶען,
אִיז זִיא מִיר דֶערְנַאנְגֶען גִיךְ מַיין עֶק;
גֶעקְוֶועהלְט הָאט זִיא מִיךְ מִיט סַכָּנוֹת!
אַרוֹיסְגֶעשְׁטוּפְּט הָאט זִיא מִיךְ אַצוּנְד;
הָאט רַחֲמָנוֹת! הָאט רַחֲמָנוֹת!
אַ נְדָבָה בַּייט אַיין עֶלֶענְד קִינְד! — (ביסם)

מארקוס. (צו האצמיך) הֶער אַשְׁטִימֶע הָאצְמִיךְ. זִיא דֶערְמָאנְט מִיךְ אִין מַיין מִירֶעלֶען! נַאטִירְלִיךְ אִ י ה ר שְׁטִימֶע...—

האצמיך. וָואס טוּיג מִיר „שְׁטִימֶע. שְׁלִימֶע' וָואס וֶועלֶען מִיר דָא זִיטְצֶען? לָאמִיר זִיךְ בֶּעסֶער בֶּעצַייטֶענְס אַרוֹיסְרוּקֶען פוּן דַאנֶען, וָוארוּם אָט וֶועט זִיא בַּאלְד צוּקוּמֶען מִיט'ן טֶעלֶערִיל. וֶועט מֶען אִיהר נָאךְ מוּזֶען גֶעבֶּען עֶטְלִיכֶע פַּארִים. ד. ר. ז. מ. נ.!

מארקוס. נָא וָואס זְשֶׁע אִיז פַּאר אַזַא נְ־אוּמְגְלִיק אַז מֶען גִיט אַיין אָרוּם קִינְד אַ נְדָבָה מֶען קֶען בְּדַלוּת וֶוערֶען דֶערְפוּן?

האצמיך. אַזוֹי? גִיט זְשֶׁע מִיר בֶּעסֶער. אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַ וַוייבּ מִיט אַ סַךְ קִינְדֶערְלִיךְ ד. ר. ז. מ. נ.! הַיינְט פֶעגֶעסְט נִיט אַז אִיהר דַארְפְט נָאךְ צָאהלֶען פַּארִ'ן בִּיער אוֹיךְ, וַוייל אִיךְ הָאבּ בַּייא זִיךְ נִיט אַ פַּארֶע.

מארקוס. נִישְׁקָשֶׁה, אִיךְ וֶועל בַּאצָאהלֶען פַאר דֶעם בִּיער אוֹיךְ.

(וועהרענד זייאביידע רעדין, האט מירעלע באלד נאכ'ן זינגען גענומען א טעציל און איז ארומגעגאנגען צו יעדען טישעל און יעדער האט איהר גענעבען צו עטליכע פארים, ענדליך איז זיא צוגעקומען צו מארקיסעס טישעל):

האצמיך. (שטעלט זיך אנטקעגען און לאזט זיא ניט צוגעהן) נִישְׁטָא! נִישְׁטָא וָואס צוּ גֶעבֶּען ד. ר. ז. מ. נ.! גֶעהט גֶעזוּנְדֶערְהַייט, סְ'אִיז דָא גֶענוּג קַבְּצָנִים אָן אַייךְ, אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַוַוייבּ מִיט אַ סַךְ קִינְדֶערְלִיךְ ד. ר. ז. מ. נ.!

(מירעלע הערט איהם ניט און שטופט זיך צו צו איהם, און וועהרענד מארקוס זוכט אין דער קעשעניע געלד צוגעבען מירעלען. — טהוט ער פלוצים אבליק אויף איהר און בלייבט שטעהן — דיא האנד הייבט איהם אן צוציטערין:... אזוי אז ער איז שוין מעהר ניט אומשטאנד דאס געלד ארויס צונעהמען.:: ער ווילל זיא ארומחאפען נאר ער חאפט זיך צוריק, ער גלויבט זיך ניט דיא אויגען — מירעלע פון איהר זייט בעמערקט וויא דער מענש ציטערט און מטשעט זיך, הייבט זיא

זיך אן שטארקער צו צו קוקען אונ הויבט אן צוציטערין... אזוי אז דאס טעציל מיט געלד פאלט איהר ארויס פון דיא הענד, אין דעם מאמענט טהוט מארקוס א געשרייא פערטומעלט מירעלע?! אונ מירעל אויך פערטומעלט, מארקוס? זייא פאלען זיך אויפ'ן האלדז)

האצמיך. דער רוח זאל מיך נעהמען?! (ווערענד מארקוס אונ מירעלע פאלען זיך אויף דיא העלזער טהוט האצמיך א פאלל אויף דער ערד אונ קלויבט צונויף דאס געלד וואס האט זיך צושיט)

מארקוס. (קוקט מירעלען אין דיא אויגען) טהייערע מירעלע! דוא ביסט עס? דיך זעה איך? — (ער נעהמט זיא ארום.

האצמיך. (אויף דער ערד) טהייער געלד! דוא ביסט עס? דיך זעה איך?

מארקוס. וויא האסטו דיך ערגעץ געוואלגערט? עס איז דיך ניט געוועהן אפצוזוכען!

האצמיך. (אויף דער ערד) וויהין האבען זייא זיך פערוואלגערט, מען קען זייא גאר ניט אפזוכען! —

מארקוס. קוק דיך אן אין וואס פאר א קליידער

האצמיך. קוק אן, דערפון וועט שוין זיין מיינע קינדערלעך אויף קליידלעך.

מירעלע. פרעג ניט איך האב געגוג געליטען. — זיא פאלט איהם אויפ'ן האלז.

האצמיך. קום צו. זיך מיין טהייערע מירעלע, אז גאט האט אונז געהאלפען אז מיר זעהן זיך שוין, וועט שוין אלסדינג רעכט זיין. באלד שיק איך א דעפעשע אהיים אז מיר קומען, דער טאטע איז שוין אויך בעפרייט.

מירעלע. (מיט א פרייד) וואס דער פאטער איז שוין פרייא?! אה איך דאנק דיר גאט! (קאטערינטשיק געהט צו צו מירעלען גיט זיא א שלעפ, זיא ווערט דערשראקין בעהאלט זיך אונטער מארקוסין).

קאטערינטשיק. הע! וואס איז דאס? ווער זענט איהר? וואס האט איהר צו מיין מיידיל?

מארקוס. דאס איז ניט אייער מיידיל? דאס איז מיין כלה, זיא איז פערפאלען געווארען, יעצט האב איך זיא געפונען! —

קאטערינטשיק. דאס געהט מיך גאר ניט אן, איך וויל דער פון גאר ניט וויסען איך האב זיא אפגעקויפט בייא דער שיף פאר 50 ליירעס! אהיים דוא כלבטע (וויל זיא שלעפען אהיים).

מארקוס. (בייז) שטעהט!! איך זאג אייך אז זיא איז מיין כלה, אונ איהר וועט בעקומען געלד וויא פיעל איהר ווילט. ווילט איהר מיט גוטען, איז גוט, אלא ניט וועל איך זיא נעהמען מיט בייזען. —

האצמיך. מען גיט דאך דיר געלד ד. ר. ז. מ. נ.! נעהמט געלד! אלא ניט וועט

דיך דער רוח נעהמען ! ס'איז ר' אברהמ'צים מאכטער זיא געהט נאך אין מיינע זאקענ-בענדליך אפילו, איך האב אין איהר א סימן ! —

**קאטערינטשיק.** איך וויל פון גאר ניט וויסען, נאר אז איהר וועט מיר געבען צעהן ארויף וויפיעל זיא האט מיך געקאסט קענט איהר זיא אייך נעהמען אלא ניט וועט איהר זיא ניט נעהמען. —

**האצמיך.** 10 ארויף ווילסטו ? אט באלד וועל איך דיר געבען צעהן ארויף ! (ער וויל איהם אנחאפען פאר דער בארד) וואלט ער געהאט א בארד וואלט איך אים זי אויסגעריסען — אז מען ניט געלד נעהמט קאטערינטשיק !

**מארקום.** נאט אייך געלד (ער נעהמט ארויס אפארטעמאנע און באצאהלט איהם קאטערינטשיק געהט אוועק). —

**האצמיך.** נא קינדער איך געה שוין שלאגען א דעפעשע אז ר' אברהמ'צי זאל אונז ערווארטען ביא דער רויטער בריק. ביא דער רויטע קרעטשמע ביים רויטען רענדאר, וויא עס איז דא רויטער וויין ! דארטען וועלען מיר זיך אפשטעלען ד. ר. ז. ם. נ. ! (ער נעהמט צונויף זיינע זאכען).

**מארקום.** (נעהמט ארום מירעלען) נא דערצייל מיר, מיין טהייערע, וואס איז מיט דיר אין דער גאנצער צייט פארגעגאנגען.

**מירעלע.** גלייב מיר טהייערער מארקום דאס הארץ איז מיר אזוי פערשטיינערט אז איך קען אצונד קיין ווארט ניט אויס רעדען, אויף דער רייזע וועל איך דיר אלעס דערציילען (זייא פאלען זיך נאך אמאהל אויף דיא העלזער, קושען זיך).

**מירעלע.** מארקום....

**מארקום.** מירעלע !....

**האצמיך.** ד. ר. ז. ם. נ. ! נא קינדער גענוג זיך געקושט קומט לאמיר זעהן גיך אוועק צופאהרען. —

**מארקום.** יא, יא, מירעלע, קום לאמיר געהן. (ער נעהמט זיא ביא דער האנד געהן ביידע אוועק).

**האצמיך.** (געהט זייא נאך) נא א גוטען טאג ! זייט געזונד קבצנים ! ד. ר. ז. ם. נ. !

טירקין נאך זייער אוועקגעהן זינגען נאך אמאהל „מיר דאנקען גאט" און העהרענד זייא האלטען ביא לעצט זינגען לאזט זיך דער פארהאנג שנעלל אראפ.

---

# פינפטער אקט

## ערשטע סצענע

### זיעבעטע ביל ד

(שטעלט פאר דאס פריערדיגע איינפאלע צימער בתיה'ס, בתיה מיט דער באבע יאחנען שטעהן אונ רעדען).

בתיה. נא באבע? וויא איז אייער כישוף, מיט אייערע בריה'שאפטען, מיט אייערע קונצען? איאָה זייא טויגען ניט? איך האב דאך מיט אייך גערעט אז איהר זאלט אריינשטעקען א מעסער אין דער ערד, אונ עס ארויסנעהמען מיט בלוט. כדי אברהמצי זאל ניט בעפרייט ווערין צום סוף איז ער ארוים פרייא, אונ איז שוין דא אין דער היים. — איך האב אייך געבעטען איהר זאלט אפטהון מארקוסען א כישוף אז ער זאל זיך פערליעבען אין מיין ליעזענקען. אונ זאל פיינט בעקומען מירעלען. צום סוף האט ער זיא אפגעזוכט, אונ מיר האבען ערהאלטען א דעפעשע אז ער קומט מיט איהר אהער, (מיט אגעשרייא) געוואלד וויא איז אייער חכמה? מיר זענין דאך אלע אומגליקליך.

באבע. (חאפט זיך בייא דיא אויער'ן) א פרילושעט זאלסטו ווערען! האסטו געזעהן א ביסעל א מן פיסקאטש. וואס שרייסטו אזוי? האב איך דיר דען ניט פיעל מאהל געזאגט אז דיא אלע קונצען מאך איך נאר אויסצונארען געלד בייא דיא נארנים וואס זענין פערגלייבט אין דריגען, אבער אין דער אמת'ן האט עס גאר קיין ווערטה ניט, אקעגען גאט קען מען ניט געהן. וואס יעדען מענשען איז בעשערט קען מען ניט איבערמאכען.

בתיה. מיילא וואסזשע זאלען מיר טהון אצונד? מיר זענין דאך אלע פערלוירען; שטעלט אייך פאר אז זייא וועלען קומען אונ דערציילען וואס דא איז פאר־געגאנגען מיט דיא פאלשע חתימות, מיט דיא פאלשע באנקנאטען, אונ מיט מירעלען, איז דאך דאס קרימענאל אויך וועהניג פאר אונז!

באבע. (מיט אשמייכיל) וואסזשע מיינסטו? דער רוח וועט דיך דארט אוים חאפען אז דוא וועסט זיצען אין אסטראג? —

בתיה. (מיט אבייזער) ס'איז אייך נאך אין זינען צו שמייכלען, אונ פון מיר טריפט זיך דאס בלוט! סטייטש, מיר געהן דאך אלע אויפ'ן פייער אז זייא וועלען אנקומען? וואס האבען מיר געפועלט מיט אייער חכמה? אז איהר זענט יאה קלוג, טראכט זשע אוים אזא חכמה אז זייא זאלען גאר ניט קומען.

אָדֶער טְהוּט עֶפֶּעס אַזאַ מִין כִּישׁוּף אַז זֵייא זָאלֶען גָ א ר נִיט דֶערְלֶעבֶּען צוּרִיק צוּקוּמֶען. —

**באבע.** נֵיין דָאס קֶען אִיךְ נִיט, אַז קוּים זֵייא פָאהֲרֶען שׁוֹין, פָאהֲרֶען זֵייא שׁוֹין! — דוּא זָאג נָאר מִיר וֶוען דַארְפֶען זֵייא קוּמֶען? —

**בתיה.** אִיךְ זָאג דָאךְ אַייךְ, מַיין מַאנְן הָאט עֶרְהַאלְטֶען פוּן זֵייא אַ דֶעפֶּעשֶׁע, אַז מֶען זָאל זֵייא מָארְגֶען אַקֶעגֶען פָאהֲרֶען, אוּנ זֵייא עֶרְוַוארְטֶען עֶטְלִיכֶע וֶוערְסְט פוּן דַאנֶען בַּייא דֶער רוֹיטֶער קְרֶעטְשְׁמֶע!

**באבע.** אַזוֹי? (טהוּט א שמעק טאבאק, פערטראכט זיךְ אויף איינִיגע מינוּט — נאךְ דעם חאפּט זיא זיךְ אויף מיט א פרייד) בַּתְיָה! ס'אִיז שׁוֹין רֶעכְט! כְ'אִיז מִיר ווִידֶער עֶפֶּעס אַיינְגֶעפַאלֶען! וֶועסְט זֶעהְן וואס דִיא בַּאבֶּע יאַחְנֶע קֶען....

**בתיה.** (איראניש) וואס קֶענְט אִיהר? עֶסֶען! אָט דָאס קֶענְט אִיהר, אִיךְ הָאבּ דָאךְ שׁוֹין גֶעזֶעהְן וואס אִיהר קֶענְט! —

**באבע.** (מיט א בייזער) פִּיסְקַאטְשׁ! שְׁלָאג מִיר נִיט אִיבֶּער! הֶער אוֹיס פְרִיהֶער וואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען, דֶערְנָאךְ וֶועסְטוּ רֵיידֶען דַיינְס (טהוּט א שמעק טאבאק) וֶוען זָאגְסְטוּ, דַארְפֶען זֵייא קוּמֶען? מָארְגֶען?

**בתיה.** יָא נָא מָארְגֶען, וואס אִיז דֶען?

**באבע.** הֶער זְשֶׁע מִיךְ אוֹיס, דוּא רֶעד צוּ אַבְרָהמְצִין אַז עֶר זָאל דִיךְ אוֹיךְ מִיט גֶעהמֶען דוּא זָאלְסְט זֵייא פָאהֲרֶען אַנְטְקֶעגֶען....

**בתיה.** דָאס דַארְף אִיךְ אִיהם גָאר נִיט צוּ רֶעדֶען, וַוייל עֶר הָאט מִיר אַלֵיין גֶעזָאגְט אַז אִיךְ זָאל מִיךְ צוּגְרֵייטֶען מִיר זָאלֶען בֵּיידֶע אַקֶעגֶין פָאהֲרֶען.

**באבע.** אָה, אִיז זֶעהר גוּט, הֶער זְשֶׁע וַוייטֶער, אִיךְ גֶעה אִיצְט אַהֵיים אוּנ וֶועל דִיר שִׁיקֶען מִיטִין פֶּעטֶער אֶלְיָקוּם אַפְּלֶעשֶׁעלֶע מִיט בְּרָאנְפֶען וואס אִיז פַאבְּרֶע־צִירְט גֶעווָארֶען אִין מַיין אַפְּטֵייק!... פַארְשְׁטֶעהסְטוּ? אוּנ אַז דוּא וֶועסְט קוּמֶען אַהִין אִין דֶער רוֹיטֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, וֶועט מֶען דָאךְ דָארְט מַן הַכַּתָּה פַאר שִׂמְחָה נֶעהמֶען אַבִּיסֶעל בְּרָאנְפֶען זָאלְסְטוּ זֶעהְן אַרַיינְצוּגִיסְען פוּן דֶעם פְלֶעשֶׁעלֶע אִין יֶעדֶענְס גְלֶעזֶעל אַרַיין צוּ בִּיסְלֶעךְ, אוּנ אַז זֵייא וֶועלֶען אוֹיסְטְרִינְקֶען דִיא גְלֶעזֶלֶעךְ וֶועלֶען זֵייא בַּאלְד אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען —... (טהוּט א שמעק טאבאק פאר ניסט זיךְ שטארק).

**בתיה.** (אוּנגעדוּלדיג) נא זָאגְט שׁוֹין אַמָאהל, וואס וֶועט זַיין אַז זֵייא וֶועלֶען אַנְשְׁלָאפְן וֶוערֶען?

**באבע.** (היסענדיק — מיט בייזין) נָא וֶועלֶען זֵייא שְׁלָאפֶען! (היסט) הָאסְטוּ גֶעזֶעהְן אַבִּיסִיל וואס הָאסְטוּ אַזוֹי קֵיין צַייט. דֶער רוּחַ נֶעהמְט דִיךְ נָאךְ נִיט צוּ!

**בתיה.** יאה, אַז זֵייא וֶועלֶען מִיךְ אָבֶּער דָארְטִין דֶערְזֶעהְן, וֶועלֶען זֵייא דָאךְ מִיךְ אֶפְשֶׁר דֶער הַרְגֶענֶען, צוּ זֵייא וֶועלֶען מִיךְ אֶפְשֶׁר קָאוֶוען אִין קֵייטִין ווארוּם

דארטען וועט זיך מירעלע אלסדינג דערציילען . איך וועל דאך דארטען זיין ביי זייא אין דיא הענד !

**באבע.** זייא גיט קיין נאר ! דארטען וועלען זייא זיין ביי מיר אין דיא הענט . דוא זאלסט נאר אלסדינג פערשווייגען , וואס זייא וועלען דיר טהון , שעלטין , זידלען , זאלסט גאר גיט ענטפערין — דוא גיב זייא נאר צו טרינקען פון דעם ביסעל משקה וואס איך וועל דיר געבין . וועלען זייא פאר מאראטשעט ווערין , אונ וועלען אנטשלאפען ווערין . אונ דערנאך וועל איך צוקומען מיטין פעטער אליקום . מיט אלע סטרומענטען וואס איך וועל דארפין מיט נעהמען . אונ וועל אויף א לייטער ארויפקריכען דארט אויפ'ן בוידים !... (זיא טהוט ווידער א שמעק טאבאק) אונ אז דוא מיטין פעטער אליקום וועט דער הערען מיין סיגנאל זאלט איהר אויך ארויפקומען אויפ'ן בוידים (פאר היכט זיך ווידער).

**בתיה.** (אונגעדולדיק) נא זאגט שוין דעם סוף וואס וועט זיין אז מיר וועלין ארויפ-קריכען אויפ'ן בוידים ?

**באבע.** (מיט אביזער) נא וועט איהר זיין אויפ'ן בוידים ! וואס פארשטעהסטו דא ניט . מן הסתם וועלען מיר זיך דארט ניט אנידער לייגין שלאפין ; איך מיטין פעטער אליקום וועלען אונטערצינדען דיא קרעטשמע אונ מיר אלע דרייא וועלין אראפ קריכען צוריק אויפ'ן לייטער , אונ זייא וועלען דארט אלע פארברענט ווערען , אונ אזוי וועט דיא גאנצע זאך איין ענדע נעהמען אונ ווייטער גאר ניט ! —

**בתיה.** (מיט א פרייד) נא , יעצט זעה איך איהר זענט טאקע ווירקליך א כישופ-מאכערין , ווייל קיין געוועהנליכער מענש וואלט דאס ניט אומשטאנד געוועהן צוטאהן !

**באבע.** (מיט א שמייכיל) א וויטיק דיר אין פיסקאטש אריין ! האסט זיך קאם דערוויסט אז איך קען טהון ? וואס דען , אז איך רעד , רעד איך נאר אומזיסט מיינסטו ? נא האלט זשע מיך דא מעהר ניט אויף , ווייל איך מוז שוין געהן מיר פארטיג מאכין דיא אלע זאכען... מע מוז זעהן דיא זאך גיך צו ענדיקען האב זשע מיר אגוטען טאג , אונ פארגעס ניט וואס איך האב דיר אנגעזאגט (געהט אוועק לינקס) .

**בתיה.** (באלייט זיא ביז אין דער טהיר) א גוטען טאג , אגוט יאהר , געהט געזונטער-הייט , אונ מאכט אייך שוין פארטיג — (קעהרט זיך אום צוריק) עס איז אפילו א שווערער כישוף , נאר וואס זאל מען טהון , זיין אייגען לעבען איז ביי יעדען מענש טהייער פון צעהן פרעמדע .

---

## צווייטע סצענע

(אברהמצי קומט אן פון דער רעכטער זייט)

**אברהמצי.** נא בתיה, ביסטו שוין פארטיג צו דער רייזע אקעגען צופאהרען דיא קינדער? אה וויא העלפט מיר שוין גאט אז איך זאל זייא שוין דערלעבען צוזעהן. —

**בתיה.** (מיט א רחמנות פנים) אוי איך וואלט זייא שוין אויך געוואלט זעהן (פאר זיך) טויטערהייט! (צו אברהמצין מיט א זיפץ) אוי אוי! איך האב דאך דיר שוין דערציילט וואס פאר א צרות איך בין דא פון איהר אויסגעשטאנען. ס'איז געווארען אזא שלעכטס, אזא קאפריזע זייט דוא ביסט אוועקגעפאהרען. אז עס איז ניט געוועהן פון איהר אויסצושטעהן, און דוא ווייסט דאך מיין טבע, אז איך האב איהר אלסדינג נאכגעגעבען, פון דעסט וועגען אז דוא וועסט ריידין מיט איהר וועט זיא דיר זאגען אז איך בין שלעכט איך בין כל בו, און האב איהר צרות אנגעטהון דוא ווייסט דאך דעם געוועהנליכען מענה לשון וואס דיא גאנצע וועלט זאגט אויף שטיעף־מאמעס. נאר דעם אמת ווייסטו! דאך אבער וויא איך האב מיך געאפפערט פאר דעם קינד. מאקע גאר וויא איין אייגענע מאמע, און אפשר נאך פיעל טהערער. נאר איך בין איהר אלסדינג מוחל אבי איך זאל זיא שוין זעהן...

**אברהמצי.** (אונגעדולדיג) ווייס איך! וואס טויגען דיר דיא רעדעס, עס איז נארישקייטען מאך דיר ניט דערפון, קום בעסער לאמיר שוין פאהרין ווייל ביי מיר איז יעדער מינוט א יאהר.

**בתיה.** איך וועל אבער אנדערש מיט דיר ניט פאהרין ביז דוא וועסט מיר ניט געבין א שבועה אז דוא וועסט זייא ניט גלייבין וואס זייא וועלין דארט אנרעדען אויף מיר!

**אברהמצי.** איי רעד ניט קיין נארישקייטען, וואס בין איך עפעס אפיצעלע קינד איך פארשטעה ניט וואס. איך ווייס גוט אז צווישען א שטיעף קינד מיט א שטיעף־מוטטער געהט שטענדיג פאהר קריג, נאר ס'איז נארישקייטן. קום קום, פאהר אויף מיין גאראנטי, ס'וועט דיר דארט גאר ניט געשעהן. איך וועל מיך גאר ניט צוהערין וואס זייא וועלען דארט אויף דיר וועלען אנריידין. אונ גלייבין אוודאי ניט. ווארום איז דען אויף דיר צוגלייבין עפעס א שלעכטעס נאך... (געהן ביידע אב).

---

# דריטע סצענע

---

## אכטעס ביל

(שטעלט פאר א גרויסער שליאך, אויף א בערגיל צווישען וואלד שטעהט א קרעטשמע אין צווייא שטאק, דער אייבערשטער שטאק פון האלץ, דער אונטערשטער, פון רויטע ציגעל מיט א גאניקעל געשטוצט אויף צווייא זיילען, עס איז נאכט — אין וואלד הערט מען דעם סאלאווייען פייפען, הינט האוקען, פון א פענסטעריל פון דער קרעטשמע זעהט מען צאנקען אליכטעל.— פלוצים הערט מען פון אונטער דער סצענע צופאהרען א פוהר, עס קומען אן האצמיך מארקום — אונ מירעלע).

**האצמיך.** (פון אונטער דער סצענע) טפורר! ר:! שטעה דוא לאשעק! (ער קריכט אראפ, קומט צו נעהנטער צו דער קרעטשמע. נאך איהם געהן מארקום אונ מירעלע) אה דא איז דיא רויטע בריק, דיא רויטע קרעטשמע, אט דא וואהנט דער רויטער רענדאר וואס ער פארקויפט רויטין בראנפין! (געהט צו אונ קלאפט אן אין דער טהיר) ע! רויטער מאך אויף! גיכער!

**זרח.** (פון אינוועהניג מיט א גראב קול) ווער קלאפט עס דארט? קלאפען זאל איך אין קאפ!

**האצמיך.** האצמיך איז דא! האצמיך אונ קוק מיך אן אונ קאך וועטשעריע דער רוח זאל אונז ביידע נעהמין, מאך אויף וועל איך בייא דיר פארשיבורין דיא אנדערע האלבע פאה!

**זרח.** (פון אינוועהניג) וואס פאר א ספירטאווע לאשיקעס האבין דיך געבראכט אהער?

**האצמיך.** מאך נאר אויף וועסטו זעהן וואס פאר א ספירטאווע לאשיקעס, וועסט זעהן וואס פאר א טהייערע געסט איך האב דיר אהער געבראכט. קאנסט דא וואהנען 99 מיט אהאלבין אייל אונ זאלסט נית האבין אזוינע טהייערע געסטעלעך, מאך גיכער אויף!

**זרח.** (פון אינוועהניג) ווארט אויס אט וועל איך אנצינדען א ליכט.

**האצמיך.** (געהט צו צו מארקום מיט מירעלען וועלכע שפאצירען ארום דיא גאנצע צייט געארעמט), אהא' ער צינדט שוין אן א ליכט, אט באלד וועלען מיר שוין קענען אריינגעהן. (רענדאר עפענט אויף דיא טהיר האצמיך נעהט צו שלעפט איהם ארויס בייא דער נאז) אט געהט ער דער רויטער לאשעק, דיא פרה ארוסה. דוא רויטער וויין! קוק אן, וואס פאר א טהייערע געסט איך האב

דיר געבראכט. ד. ר. ז. מ. נ.! רענדאר געהט צו מיטין ליכט אונ בעטראכט
מארקוסין מיט מירעלען) האסטו עפעס גוטען בראנפען?

**זרח.** איך האב פאר נאכט אוועק געשיקט מיין ברודער חיימעצין נאך בראנפען אין שטאדט אריין!

**האצמיך.** (גיט איהם אפּאטש איבערין קאפּ) נא! — וואס רויט איז ניט ווייס, געה שוין צו אלדע שווארצע יאהר! דער רוח זאל מיך נעהמען מיט דיר אינאיינעם! אז איך האב איהם שוין יאה געבראכט אזוינע טהייערע געסט, האט ער ערשט קיין בראנפען ניט (זרח געהט אריין צוריק אין דער קרעטשמע — מען דערהערט פלוצלונג וויא רעדער פאהרין, האצמיך לויפט אין יענער זייט אריין קוקט זיך איין, רעדט צו זיך אלליין) הא! אויב איך האב ניט קיין טעות פאהרין אהער דאכט מיר אונזערע לייט, (קוקט זיך נאך אמאהל גוט איין לויפט צו צו מארקוסען מיט מירעלען מיט שמחה) ד. ר. ז. מ. נ.! אגדולה! ר' אברהמצי פאהרט! איך זאל אזוי לעבען מיט אייך אין איינעם מירעל — מארקום. דער פאטער פאהרט?! (אללע לויפען צו אלע צו דער זייט וויא מען הערט פאהרען, קוקען זיך אן ביז) —

## פערטע סצענע

(עס קומט אן אברהמצי, בתיה, אלע פאלען זיך אויף דיא העלזער
אונ קושען זיך, חוץ בתיה, וועלכע וויל אויך צוגעהן זיך צו קושען
מיט מירעלען, נאר זיא ווענדעט זיך אוועק פון איהר)

**מירעלע.** (וועהרענד זיא פאלט דעם פאטער אויפ'ן האלז) דוא פאטער! ליעבער פאטער! (פאלט איהם אויפ'ן האלז).

**אברהמצי.** אה, מיין טהייער ליעב קינד! (זייא נעמען זיך ארום אונ וויינען).

**האצמיך.** (קוקט אויף זייא אונ הייבט אויך אן צו וויינען) ד. ר. ז. מ. נ.!

**מארקום.** (וועהרענד אברהמצי מיט מירלען פאללען זיך אויפ'ן האלז געהט ער צו צו בתיהן וועלכע שטעהט פון ווייטינס) נא, בתיה, א גוטע חתונה האט איהר אונז אנגעארבייט! שעהן פון אייך!

**בתיה.** (לאזט אראפּ דיא אויגען) וועלכער מענש בעגעהט ניט קיין פעהלער אין זיין לעבען.

**מארקום.** אמענש, הייסט דער נאך אמענש ביי אייך דער וואס האנדעלט אזוי?

**האצמיך.** יאה, יאה! דערמאנט זיא טאקע פון דיא טיכליך וואס זיא האט נאך גענומען ביי מיר פאר שבועות אונ האט נאך ניט באצאהלט פאר זייא איין קאפּיקע ניט!

**מארקוס.** (קוקט אויף איהר ביין) שֶׁעהן ! גַאנְץ פַיין פון אַייךְ בַּתְיָה !

**האצמיך.** הַא הַא, וָועהט אִיהר ; ר׳ מַארְקוס זָאגְט אויךְ אַז סְ׳אִיז נִיט פַיין פון אַייךְ ! —

**אברהמצי.** (געהט צו צו מארקוסען אונ צו קושט זיךְ מיט איהם), נָא קִינְדֶער !
אַיין זַאךְ וִויל אִיךְ אַייךְ בֶּעטֶען. אַז גָאט הָאט אוּנְז יָאה גֶעהָאלְפֶען אַז מִיר זָעהן זִיךְ אַלֶע בְּשָׁלוֹם, אוּנ גֶעזוּנְדֶערְהֵייד, וִויל אִיךְ אַצוּנְד פוֹעֶלִין בַּייא אַייךְ, אַז אִיהר זָאלְט אַייךְ נִיט קְרִיגֶען, אוּנ פֶערְגֶעסְט אַלֶעס וָואס אִיז פְרִיהֶער גֶעוֶועהן, בֶּעט אַייךְ בֶּעסֶער אִיבֶּער !

**האצמיך.** נֵיין נֵיין, אִיךְ בֶּעט מִיךְ נִיט אִיבֶּער בִּיז זִיא וֶועט מִיר נִיט אָפְּגֶעבֶּען פַאר דִיא טִיכְלֶעךְ. ד. ר. ז. מ. נ.

**אברהמצי.** (וועהרענד האצמיךְ רעדט געהט ער צו צו מארקוסין ראהמט איהם איין שטיללערהייד) מַאךְ יֶעצְט קֵיין טַעֲנוֹת נִיט. אַז מִיר וֶועלֶען קוּמֶען אַהֵיים וֶועלִין מִיר זִיךְ אַלֶע אָפְּרֶעכֶענֶען מִיט אִיהר. (הויךְ) נָא קִינְדֶער קוּמְט אַרַיין מִיר וֶעלִין פַאר שִׂמְחָה נֶעהמֶען צוּ בִּיסְלֶעךְ בְּרָאנְפֶען. —

**האצמיך.** עֶר הָאט נִיט קֵיין בְּרָאנְפֶען, דֶער רוֹיטֶער רֶענְדַאר, דִיא פָּרָה אֲדוּמָּה הָאט עֶרְשְׁט אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דֶעם בְּרוּדֶער אִין שְׁטָאדְט אַרַיין נָאךְ בְּרָאנְפִין.

**אברהמצי.** נָא אַז נִיט קֵיין בְּרָאנְפֶען, וֶועט עֶר אוּנְז גֶעבֶּען וַויין, קוּמְט, קוּמְט אַרַיין.

**בתיה.** וָועהט אִיהר ! חָאטְשׁ אִיךְ בִּין אַשְׁלֶעכְטֶע, הָאבּ אִיךְ אַייךְ מִיט דֶעם אויךְ פֶּערְזָארְגְט (זיא נעהמט ארוים אפלאש אונ ווייזט זייא).

אלע געהן אריין אין דער קרעטשמע, אין איינינע סעקונדען ארום הערט מען מארקוסעס אונ האצמיך׳ס שטימען, זייא שרייען „וויוואט ! עס לעבע דיא געזעללשאפט ! וויוואט ! ד. ר. ז. מ: נ. !“ עס ווערט שטיל אויף איינינע סעקונדען, מע הערט וויא אקלאנג פון גלעזער — וויא מען טרינקט)

## פינפטע סצענע

(באבע יאחנע מיט אליקום׳ן קומען אן אויף דיא שפיץ פינגער)

**באבע.** (שטילל) אֶלְיָקוּם ! גֶעה נָאר זֶעה סְ׳לֵייכְט זִיךְ נָאךְ ?

**אליקום.** (געהט צו צום פענצטעריל קוקט זיך איין : אין דעם מאמענט הערט מען פון אינוועגדניג אין קרעטשמע דיא אייגענע פריערדיגע געשרייען — זייא לויפען ביידע שנעלל אוועק בעהאלטען זיך צווישין דיא געדיכטע ביימער. — נאך איינינע סעקונדען רופט זיא איהם ווידער צו).

**באבע.** אֶלְיָקוּם גֶעה גִיבּ אַכְטוּנְג, אַצוּנְד לַייכְט זִיךְ נָאךְ ?

**אליקום.** (געהט ווידער צו קוקט זיך איין, מען הערט ווידער דאס זעלבע געשרייא, נאר שוין וויא פאר שיכר'ט, ער געהט צו, צו דער באבע, און זאגט איהר שטילערהייד) איהר הערט באבע מיט וואס פאר א קולות זייא שרייען שוין דארט, זיא פערשלעפט זייא שוין, (ער געהט נאך אמאהל צו, צום פענסטער — קעהרט זיך אום באלד צוריק) באבע! ס'איז שוין פינסטער. מ'שלאפט שוין!

**באבע.** געה זשע פערבינד גיך דיא טהיר פון דרויסען, נאר שטארק אז מ'זאל ניט קענען ארויס, און ברייננ מיר דעם לייטער מיט דיא אלע זאכען... גיך ריהר זיך, (אליקום ברענגט אלייטער שטעלט איהם אנידער).

**באבע.** (הייבט אן ארויף צו קריכען) אליקום! האלט צו דעם לייטער, איך קען נאך געהרגית ווערין, (זיא קריכט ארויף אויפ'ן בוידעם און גיט א געשרייא בתיה! ביזט דא?

**בתיה.** (שטילל) יאה!

**באבע.** נא קום זשע ארויף אויפ'ן בוידעם, אליקום קום אויך ארויף און ברענג מיר ארויף דיא אלע זאכען, (בתיה מיט אליקום'ן קריכען ארויף).

## זעקסטע סצענע

(פון אונטער דער סצענע הערט מען צופאהרען א וואגען, חיימעץ קומט אן)

**הייםעץ.** (פון אונטער דיא קוליסען) טפרר..ר..ר...א! (קומט ארויף אויף דער סצענע) א האלעריע זאל קומען אויף דעם פאסקודנעם לאשעק א גאנצע נאכט שלעפ איך מיך מיט איהם ארום אז איך בין שוין אזש שלעפעריק געווארען, אט דיא קליאטשע איז עפעס אזא געפייגערט פערד, אז איך בין געזעסען אויף דער קאזלע בין איך שיר ניט אראפגעפאלען, אין דער ערד אריין! (ער קלאפט אן אין דער טהיר) ע! זרח! מאך אויף! איך האב דיר געבראכט דעם בראנפען, זרח! שטעה אויף (שרייט העכער) וואס ביסטו דארטען פערפעגערט געווארען (דער זעהט דעם לייטער), וואס איז דאס? ווער האט עס דא אנידער געשטעלט דעם לייטער, סע קען נאך קומען א גנב און צו גנבענען דיא גאנצע פונ'ם בוידעם. איך וועל איהם אוועקטראגען אויף איהר ארט (טראגט איהם אוועק קומט באלד צוריק, קלאפט ווייטער) זרח! מאך אויף, וואס האסטו זיך אזוי פערפאפען? (דער זעהט וויא דיא טהיר איז פערבונדען) ע! ע! ווער האט עס פערבונדען דיא טהיר! (ער בינט אויף – קלאפט ווייטער) זרח! (העכער) זרח, מאך אויף! (פלוצים גיט א זעץ ארויס א פלאם – ער הייבט אן שטארקער צו קלאפ'ן, ברעכט אויף דיא טהיר און שרייט) זרח קום ארויס גיך! דיא קרעטשמע ברענט! (אללע לויפען ארויס פונ'ם אונטערשטען שטאק: אברהמצי, מירעלע,

מארקוס, האצמיך, זרח, הוץ בתיהן; דער צווייטער שטאק, שטעהט אין פלאמען, דיא כישופמאכערען, אליקום, אונ בתיה, ברעכען אויף דיא טהיר פונ'ם אייבערשטען שטאק, זייא געפינען אבער קיין לייטער ניט, שטרעקען אוים דיא הענט אראפ, אונ שרייען מיט א ווילד געשרייא „ראטעוועט!!" אין דעם מאמענט האט זיי ארומגעחאפט דער פלאם פייער).

אברהמצי. (וועהרענד ער בעמערקט דיא כישופמאכערען — זאגט) אַהָא! אויב אַזוֹי אִיז שׁוֹין רֶעכְט! דָאס אִיז דֶער מְכַשֵׁפָה'ס אַרְבֵּייט? לָאז זֵייא בְּרֶענֶען!

האצמיך. אַנֵם! ד.ר.ז.מ.נ.! וֶוען נָאךְ אֵיין מִינוּט וָואלְטֶען גֶעוֶועהן פַאְרְסַמְיילֶעט גֶעווָארֶען מַיין בָּאְרד, מִיט דֶער לִינְקֶער פֵּאָה, ד.ר.ז.מ.נ.! (אונ וועהרענד זייא אללע ברענען, זינגט הינטען דער עולם — טייטינדיק מיט דיא פינגער ארוף).

וָואס שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען! —
—נִישְׁט רַאטֶעוֶוען — חָאטְשׁ מִיר קֶענֶען...
לָאזֶען זֵייא מַאקֶע בְּרֶענֶען,
קֵיין אוּמְגְלִיק וֶועט נִיט זַיין!
בְּרֶענֶען וִויא אַ גֵיהִנָם!
דֶער מָשָׁל — יֶעדֶער קֶען אִיהם!
וֶוער עֶס גְרָאבְּט אַ גְרוּבּ אויף יֶענֶעם,
פַאלְט אַלְלֵיין אַרֵיין!!...
בֶּעשְׁטְרָאפְט הָאט זֵייא גָאטט זֶעהר גוּט,
אוּנ אוּנְז פוּן אַלְדֶעס-בֵּייז אוֹים גֶעהִיט!! —

(דער פארהאנג פאללט)



*) דאס ליעד קאָמט זייטע 35

ענטפּערט מיר פֿייגיל
איהר פֿליהט וויא דיא זעגעל
איהר קוקט מיט אייער אייגיל
אויף דעם ווייטסטען אָרט
אייך איז באַקאַנט
דאס ווייטסטע לאַנד
צו האט איהר ניט באַגעגינט מיין מירעלע דאָרט
דיא פֿייגעלעך עפֿענען דיא פּיסקעלעך אויף
זינגענדיג פֿליהען זייא העכער אַרויף
וואס טויג דיר דאס פֿרעגען וואס קומט דיר אַרויס
מיר זעגען קיין מענשען נייןמיר זאגין ניט אויס

---

דיא לבנה מעגסט הערין
איך וועל דיך באַשווערין
דיא לייכסט מיט דיינע שטערין
אויף דעם ווייטסטין לאַנד
דיר איז באַקאַנט
דאס ווייטסטע לאַנד
זאג צו האסטו ניט באַגעגינט מיין מירעלען דאָרט
שעמעדיג האט זיא איהר פּנים פאַרדעקט
מיט איין שוואַרץ טיכיל פון וואָלקין באַפֿלעקט
אין שמייכעלט וואס פֿרעגסטו וואס קומט דיר אַרויס
איך בין ניט קיין מענטש ניין איך זאג ניט אויס

---

דיא אַנטוואָרט דיא וואהרע
זאג מיר דיא חמאָרע
דיא בלאָזט אן דיא פֿאַרע אויף דעם ווייטסטין אָרט
דיר איז בעקאַנט
דאס ווייטסטע לאַנד

זָאג צו הָאסְטוּ נִיט בַּאגֶעגִינְט מַיין מִירֶעלֶען דָארְט
דִיא חֲמָארֶע שַׁיינְט אוֹיךְ אוֹיף מִיר הָאבִּין אַיין הַאסס
אִין בְּלָאזְט אָן אִיהר שְׁוַוארְצֶע בַּאקִין מִיט כַּעַס
אִין בַּייזְעֶרְט זִיךְ וָואס פְרֶעגְסְטוּ וָואס קוּמְט דִיר אַרוֹיס
אִיךְ בִּין נִיט קַיין מֶענְשׁ נַיין אִיךְ זָאג נִיט אוֹיס



דאס ליעד קאָמט זייטע 45 ,

אליקום. — גִיט מִיר אוֹיךְ אַחֵלֶק בַּאבַּאנְיָא פַאר דֶעם שְׁווינְדִיל .
באבע יאחנע. נַא דִיר נַא ! דִיר גִיבּ אִיךְ גָעלְד נָאר פַאר פַּתַח שִׁין שָׁא .

אַללֶע מֶענְשֶׁען פוּן דֶער גְרוֹיסֶער וָועלְט
פֶערְדִינֶען פֶערְשִׁיעדֶען זַייעֶר בִּיסֶעל גֶעלְד
דֶער נֶעהמְט גֶעלְד וָואס אַרְבַּייט מִיט זַיין כּוֹחַ
דֶער פַאר סְחוֹרָה דֶער פַאר זַיין גוּטֶען מוֹחַ
מְהַייל זֶענֶען דָא וָואס מֶען צָאהלְט זַייא גֶעלְד צוּ
נִיט פַאר קַיין חָכְמָה נִיט פַאר קַיין מִיה
כֶען שְׁטִיפְט זַייא נָאר גֶעלְדְ נַא נַא נַא
נָאר פַאר אַיין וָוארְט פַּתַח שִׁין „שָׁא"...

---

וָוער ווייסְט נָאךְ מֶעהר פוּן דֶעם אִין הֶעכְסְטֶען גְרַאד
זַייא אַ פָּאדְרַייטְשִׁיק , וָואס נֶעהמְט אָן אַ פָּאדְרַאד
אוֹיף דִיא טַארְגִים קוּקְט מֶען שׁוֹין גַאנְץ לַאנְג אַרוֹם
צוּ צַאפֶּען גֶעלְד — אֶלָא נִיט זָאגְט מֶען אוֹיס
דֶער פָּאדְרַייטְשִׁיק הָאט נָאךְ גָאר נִיט צוּגֶעשְׁטֶעלְט
דֶערְוַויל מְהַיילְט עֶר מֶענְשִׁין גַאנְץ גֶענוּג גֶעלְט ,

נאט אייך שוין נאט — נא נא נא
נאר פאר איין ווארט פתח שין „שא"!

---

אין א טאכטער א שעהנע פון א גרויסען באנקיר
איז שטארק פערליעבט זיין איינענער קאססיר
אונ ווען ער וויל געבעך רעדען מיט איהר
ווייזט איהם איהר פאטער פלוצלונג די טהיר
גיט איהר זיא מיר ניט — זאגט דער קאססיר איין מאהל
דערצעהל איך דער וועלט אז איהר שטעהט זעהר שמאהל
נאט אייך מיין קינד — זאגט דער גביר — נא
נאר פאר איין ווארט פתח שין „שא"

---

נאט אייך וויפיל געלד איהר ווילט אייך, נאט!
זאגט א קליענט צו זיינעם אדוואקאט
אז איך האב געגנבט — ווייסט איהר דאך אליין
נאר ביים געריכט בעט איך אייך מאכט מיך ריין
דער אדוואקאט טרייסט איהם — איהר מעגט רוהיג זיין
איהר וועט ארויס ביי מיר נאך ערהליך אונ פיין —
אויך דער אדוואקאט נאט אייך א מענש נא
פערקויפט זיין סאוויעסט — פאר פתח שין „שא"

---

די צוויא ליעדער זענען אריינגעגעבען אין דער פיעסע גאנץ שפעטער דען דאס ערשטע מאהל אז הערר גאלדפאדען האט פערפאסט אין געשטעלט די „כישופמאכערין" זענען נאך ווענינ אקטערין געוועהן, וואס זאלען קאנען זינגען אונ שפיעלען

דער הערויסגעבער





Die

# ZAUBERIN

Opperette mit gesänge und tänze

in 5 Acten und 8 Bildern

Ferfast von

ABRAHAM GOLDFADEN

(Musik, Costum und Decorationen arangirt und in Scene gesetzt vom Autor).

WARSCHAU

Druk. und Lit. von Baumritter u. Gonschor Bielaner Str. 16

1887